# אין קאמפף פאר'ן לאנד.

(טאגע־בוך פון א אידישען לעגיאנער).

אמעריקא—ארץ ישראל

(1919—1917)

פון

לייב נירענשטיין.

---

מיט 16 בילדער און אילוסטראציעס.

אויך אַ בריעף פֿון הערר וולאַדימיר זשאַבאָטינסקי.

---

1928

פערלאג שאפירא וואללענטיין

לאנדאן.

מיינע ליעבסטע,

מיין פרוי און טאכטעריל,

**אסתר און יהודית,**

א מתנה.

# אינהאלט.

אינהאַלט

# א בריעף פון הערר וולאדימיר זשאבאטינסקי צום מחבר.

געעהרטער הערר לייב נירענשטיין,

איך האָב דורכגעלייענט אייערע זכרונות מיט אַ סאַך אינטערעס. ס'איז פאַראַן אין זיי אַ פולע פרטים, בעזונדערס וועגען דער לעגיאָן־בעוועגונג אין אַמעריקאַ, וועלכע זיינען מיר ביז אַצונד געוועזן אונבעקאַנט. איך בעטראַכט אייער בוך אַלס אַ נוצליכען בייטראָג צו דער געשיכטע פון אידישען גדוד — אַ געשיכטע וועלכע, איך האָף, וועט אַמאָל נאָך גע־שריבען ווערען אין איהר גאַנצען אומפאַנג, און איך פרייה זיך צו זעהן, אַז איהר עראינערט זיך אין יענע שווערע, אָבער שעהנע, חדשים מיט שטאָלץ און כבוד. איך דריק אייך די האַנד.

ו. זשאבאטינסקי.

# פֿאָרוואָרט.

דאָס „טאַגע בוך פֿון אַ אידישען לעגיאָנער" פֿערקערפּערט אין זיך די געשיכטע פֿון דער ענטשטעהונג פֿון די אידישע לעגיאָנען פֿאַר ארץ ישראל בכלל, און פֿון דעם אַמעריקאַניש־אידישען לעגיאָן בפרט.

עס איז נישט סתם אַ ערצעהלונג פֿון אַ פּראָזא שרייבער אָדער פֿון עפּעס אַ היסטאָריקער, זאָנדערען דאָס נאַטירליכע, פֿיינע און נישט איבערטריבענע שילדערונג פֿון איין אַמערי־קאַניש־אידישען לעגיאָנער, וועלכער האָט אַליין בייגעוויינט און מיטגעמאַכט די ליידען און פֿריידען פֿון יענע היסטאָריש געוואָרענע מיליטעריש אידישע קערפּערשאַפֿטען, וועלכע האָבען געצעהלט אומגעפֿעהר 10,000 גוט געאיבטע און פֿיין דיס־ציפּלינירטע אידישע לעגיאָנערען פֿון פֿערשידענע לענדער און פֿערשידענעם עלטער, אַ פֿאַקט וועלכער האָט געשפּילט און וועט נאָך אויך אפשר שפּילען אַ גרויסע היסטאָריש־פּאָליטישע ראָלע פֿאַר דער קומענדער ענטוויקלונג פֿון אידיש־פּאָליטישען שטאַט.

דער מחבר האָט געוויינליך אָנפֿאַנגס פֿערצייכענט בקצור די געשעהענישען פֿון יעדען טאָג, און אין פֿריערער צייט האָט ער עס בעאַרבייט באריכות, נישט פֿערבייטלאָזענדיג די קלענסטע איינצעלהייטען און כאַראַקטער שטריכען ביז עס איז אַרויסגעקומען דיזעס „טאַגע בוך", וועלכעס — איך האָף — וועט דעם לעזער האַלטען שפּאַנענד ביז צו ענדע.

דאָס איבעריגע לאָז איך איבער צום אורטייל פֿון מיין לעזער אַליין.

לאָנדאָן, 1920.

# אין קאמפף פאר'ן לאנד.

I.

## דער ציון „מויל עזעל קארפוס".

די יעניגע וועלכע האָבען פערטראַכט, אויסגעוועהטאָגט און אויף דער וועלט געבראַכט די אידעע פון אַ „אידישען לעגיאָן", זיינען געוועזען די הערה׳ען וולאַדימיר זשאַבאָ־טינסקי און יוסף טרומפעלדאר ז"ל.

עס איז געוועזען ענדע יאָהר 1914, ווען צוזאַמען מיט אַנדערע הונדערטע אידישע יונגע לייט, אַרויסגעטריבענע דורך דעם בעריהמטען „יפו׳ער גירוש", איז אויך טרומפעלדאר, אַלס געוועזענער רוסישער אָפיציר, אַרויס געשיקט געוואָרען נאָך עגיפטען, און אין יענעם לאַנד, אין דער פּאָרט־שטאָדט אַלעקסאַנדריא, האָט עס דער בלינדער שיקזאַל צוזאַמענגע־פיהרט דיזע צוויי שטאָלצע אידישע זיהן, וועלכע האָבען געוועבט אין דער שטיל איין און דעם זעלבען גרויסען חלום: די שאַפונג פון אַ „אידישען לעגיאָן".

די הונדערטע אַרויסגעטריבענע ארץ ישראל׳דיגע יונגע לייט האָט געדריקט דער געדאַנק, אַז זיי האָבען פערלאָזען ארץ ישראל פונקט אין דעם מאָמענט, ווען זי נויטיגט זיך אין זיי אַזוי שטאַרק. דאָ, אין דער פּאָרט־שטאָדט, פלעגען זיי יעדען טאָג זעהן אַריינקומען שיפען געפּאַקטע מיט קרעפ־טיגע ענגלענדער, שאָטלענדער, אויסטראַליער א.ד.ג., וועלכע

זיינען צושיקט געווארען אויף די פערשידענע פראנטען פון נאהענטען מזרח, אום צו עראבערען דעם מזרח פאר די „פעראייניגטע", און עס דרעהען זיך אום די זיהן פון דעם אויסערוועהלטען פאלק אין א פרעמדען לאנד, וועהרענד פרעמדע זיהן פערטהיידיגען און פערגיסען זייער בלוט פאר ארץ ישראל. זעלבסטפערשטענדליך אז די אידעע פון א „אידישען לעגיאן" האט אין די לעצטע אריינגעבלאזען א נייעם גלויבען און לעבען.

נאך א לאנגען נאכדענקען און בעראטונגען צווישען זשאבאטינסקי און טרומפעלדאר מיט די סימפאטיזירער פון דיזען געדאנק איז דאן אויסגעארבייט געווארען דער פלאן פון גרינדען אזא „אידישען לעגיאן", וועלכער זאל העלפען ענג־לאנד אין דער עראבערונג פון ארץ ישראל, און באלד טאקע, דעם 4־טען מארטש 1915, האבען זיי געהאט א אוידיענץ ביי דעם דאמאלסדיגען שטאבס־גענעראל האמילטאן, פאר־לייגענדיג איהם זייער פלאן. די מיליטערישע אדמיניסטראציאן האט אבער נאך לאנגע פערהאנדלונגען צווישען ביידע צדדים בלויז צוגעשטימט צו פארמירען די אידישע יונגע לייט אין א „מויל עזעל קארפוס" אויפ׳ן נאהענטען מזרח. געוויינליך האט אזא פארשלאג געטראפען אלעמען ווי א דונער אין מיטען העלען טאג. בלויז איין טרומפעלדאר, דער מענש מיט דעם גרויסען מוטה, שטארקען ווילען און אייזערנע נערווען, האט נישט געצווייפעלט. דיזער האט דעם גאנצען געדאנק טיפער אפגעשאצט, און וועהרענד די מעהרהייט האט זיך געבערעקילט בלויז צוליב דעם געדאנק אליין, אז דער ערשטער אידישער לעגיאן וועט געבוירען ווערען א פערזעהעניש, האט טרומ־פעלדאר אלס פראקטישער סאלדאט געוואוסט, אז אין עצם איז נישטא קיין אונטערשיעד אויפ׳ן שלאכטפעלד צווישען דעם שיסער און דעם אמוניציאנס טרעגער. חוץ איהם האבען אלע געפאדערט אז מען זאל זיי שיקען אויסשליסליך אויף דעם

ארץ ישראל פראנט און דאס זעלבע האבען זיי ווידערהאלט פאר דעם גענעראל, וועלכער איז צו זיי ספעציעל געשיקט געווארען. דער גענעראל אבער איז א חוץ א גוטער סאלדאט אויך געווען א גוטער דיפלאמאט, און אויף יענער ענטשידענער פערזאמלונג, אין דער שטיקענדער לופט פון א מיליטערישען באראק, האט ער זיך געווענדעט צו די פערזאמעלטע מיט די פאלגענדע ווערטער:

„דאס ברויטישע פאלק ווענדעט זיך יעצט דורך מיר צום אידישען פאלק מיט פריינדליכקייט. דיזע פריינדשאפט וועט אויך קענען פארטגעזעצט ווערען אין דער צוקונפטיגער אי־דישער ארץ ישראל. זענט איהר אלזא גרייט צו דריקען פריינדליך די צו אייך אויסגעשטרעקטע האנד אדער איהר פערשטויסען?"

דער גענעראל איז דאן אויפגעשטאנען און מיט איהם די גאנצע סוויטע; דאן זיינען אלע פערזאמעלטע אויגענבליקליך אויפגעשפרונגען דערשראקענע.

וואס אנטווארטעט מען אלזא? דאס ברויטישע פאלק — דאס אידישע פאלק — פריינדשאפט צווישען צוויי ווענענדע כחות, און איבערהויפט אז דיזע פריינדשאפט וועט אויך פארטגעזעצט ווערען אין דער אידישער ארץ ישראל — — — —

זיי זיינען אלזא געווען בעזיגט און דער ענטפער איז געווען, אז זיי שטימען איין צו אלעם אהנע בעדינגונגען. זשאבאט־טינסקי אבער, זייענדיג אין פרינציפ אויסשליסליך פאר ארץ ישראל, האט זיך דאן צוריק געצויגען, אראבווארפענדיג פון זיך די אחריות פון אזא געשעהעניש.

יענעם זעלבען אבענד האבען זיך שוין די ארץ ישראל'דיגע יונגע לייט אנגעפאנגען צו חבר'ן מיט ענגלישע סאלדאטען, האבען מארשירט גרופעסווייז איבער די אלעקסאנדריער גאסען, זינגענדיג סענטימענטאלע ארץ ישראל ליעדלאך, ווי אויך דאס בעוואוסטע ענגלישע פאלקס־ליעדעל „טיפערערי" און עטליכע

מעג שפעטער איז פלוצלינג אויסגעוואקסען אין דער געגענד א נייער לאגער, פון וועלכען עס האבען זיך שוין געלאזען הערען איינזאמע מיליטערישע בעפעהלען אין א קלינגענדען ארץ ישראל'דיגען העברעאיש.

אלע טאג זיינען צוגעקומען אלץ מעהר און מעהר אידישע יונגע לייט, מייסטענס ארץ ישראל ארבייטער און שומרים, און אזוי איז געשאפען געווארען דער ערשטער „אידישער לעגיאן" אונטער דער קאמאנדע פון קאלאנעל פאטערסאן און יוסף טרומפעלדאר ז"ל, וועלכער איז שנעל געווארען ענגלישער קאפיטאן. זעלבסטפערשטענדליך האט יעדערער פערשטאנען די התחייבות וועלכע ער האט אויף זיך פרייוויליג גענומען מיט דעם אריינטריט אין מיליטער. עס איז זיי אבער אלעם ליעב געווען אבי זיי זאלען האבען די זכיה צו העלפען ענג־לאנד און דאדורך אויך צו רעטען דאס געצוואונגען־פערלאזטע פאטערלאנד.

אין א געוויסען טאג איז געקומען א בעפעהל צו בעד־שטייגען געוויסע שיפען און אז מארגען פאהרט מען אפ; אין גרויסען פארט האבען זיך דאן פערזאמעלט אלע לעגיאנערען, און טאקע באלד האט איינער פערשפרייט א קלאנג, אז עס איז אנגעקומען א בעפעהל זיי צו שיקען נאך ארץ ישראל. אזא קלאנג האט זיי ווילד געמאכט פון שמחה, און זאגאר די אידישע חנ'ודיגע טעכטער, וועלכע זיינען געקומען בעד־גלייטען די לעגיאנערען, האבען נישט געוואוסט וואס צו טהאן פאר פרייד, גלייך ווי זיי זעלבסט וואלטען זיין גרייט צו אפפערן זייער לעבען פאר'ן ליעבען פאטערלאנד ארץ ישראל. ענדליך איז צוגעפאלען די נאכט. די שיפען האבען אויפגעהויבען זייערע אנקערס, און אנגעפאנגען פערלאזען די עגיפטישע ברעגען, ווענדענדיג אין דער ריכטונג פון ארץ ישראל; אבער נאך האלבע נאכט, ווען די לעגיאנערען, מידע פון די איבערלעבענישען פון פריהעריגען טאג, זיינען געלעגען

פֿערזונקען אין שלאָף, זיינען די שיפֿען שטילערהייד פֿערביי געשוואומען די ארץ ישראל ברעגען, און קומענדען פֿריה־מאָרגען האָבען נאָך אַלץ די העלדישע אידישע טרוימער נישט געוואוסט, אַז די ארץ ישראל ברעגען זיינען שוין לאַנג פֿער־שוואונדען און מיט דעם איז אויך פֿערשוואונדען זייער טרוים פֿון קאַמפּף אויף דעם ארץ ישראל פֿראָנט.

אויפֿ'ן דריטען אבענד זיינען זיי צוגעקומען צו די ברעגען פֿון וויסטען האַלב אינזעל גאַליפּאָלי נעבען די דאַרדאַנעלען, וואָס זיינען דאַן געווען בעלאַגערט מיט ענגלישע, פֿראַנצויזישע און רוסישע קריגס שיפֿען, וועלכע האָבען באָמבאַדירט די פֿעסטונגען אום זיי צו עראָבערען פֿאַר'ן רוסישען פֿאָלק... רוסלאַנד, דאָס בלוטיגע גיהנם־לאַנד, פֿון וועלכער די מיינסטע פֿון זיי זיינען אַנטלאָפֿען אַלס פאָליטישע פֿערפֿאָלגטע, רוס־לאַנד, פֿון וואַנען די געשרייען פֿון די גערודפ'טע ברידער האָבען זיך אַזש צו זיי דערטראָגען, און פֿאַר דעם נוצען פֿון דעם בלוטיגען לאַנד, האָבען זיי עס פֿערלאָזען די בליהענדע פֿעלדער פֿון יהודה און גליל... אַ שרעקליכער יאוש און טיעפֿער טרויער האָט אַלעמען דאַן בעהערשט דערזעהענדיג דעם שרעקליכען ספּעקטאַקל. זיי האָבען זיך אָבער באַלד דערמאָנט אין דעם צוואָג וועגען זייער לאַנד און אַז פֿאָרלויפֿיג זיינען זיי נישט מעהר ווי פּראָסטע ענגלישע סאָלדאַטען, וועלכע מוזען האַלטען דיסציפּלין. אַזוי אַרום האָבען זיי זיך בערוהיגט.

עטליכע טעג שפּעטער, אַרונטערשטייגענדיג אויפֿ'ן אינזעל, האָבען זיי, אונטער דער קאָמאַנדע פֿון קאָלאָנעל פּאַטערסאָן און קאַפּיטאַן טרומפּעלדאר, אָנגעפֿאַנגען די גע־וויינליכע טאָג טעגליכע קריעגס אָפּעראַציעס, וועלכע זיינען בעשטאַנען אין ברענגען אַמוניציאָן צו די ענגלישע טראַנשעען, זייענדיג אַזוי אַרום אונטערוואָרפֿען אונטער אַ שטענדיגען האָגעל פֿון פֿייער און שראפּנעלען פֿון ביידע צדדים. דאַן

ערשט האָט זיך אַרויסגעצייגט די מוטה און גבורה פֿון דעם אידיש־ענגלישען קאַפּיטאַן טרומפּעלדאר, דער קאַפּיטאַן מיט איין האַנד, וועלכע זיינען געווען נאָך שטאַרקער אַלס די פֿון דעם רוסיש־אידישען אָפֿיציר טרומפּעלדאר.

נישט דאָ אָבער איז דער פּלאַץ געננוי זיך אָפּצושטעלען און אַרומרעדען דאָס עקזיסטירען און ווירקען פֿון „ציון מויל עזעל קאָרפּוס״, וועלכען נאָמען דיזער ערשטער אידישער לעגיאָן האָט געקראָגען זינט זיין אָנקומען נאָך גאַליפּאָלי; דאָס האָט שוין געטהאָן פֿאַר מיר אַן אַנדערער טרייערע האַנד אין דער פערזאָן פֿון קאָלאָנעל פּאַטערסאָן אַליין אין זיין בוך „מיט די ציוניסטען אין גאַליפּאָלי״, אין וועלכען ער בעשרייבט דאָס לעבען, ווירקען און העלדישקייט פֿון די אידישע לעגי־אָנערען בכלל און פֿון דעם קאַפּיטאַן טרומפּעלדאר בפרט, אויף וועלכען זאָגאַר די ענגלישע אָפֿיצירען און סאָלדאַטען פֿלעגען קוקען מיט פֿאַרחאַפּטען אָטהעם ווי אַזוי ער שפּאַצירט זיך אַרום קאַלטבלוטיג איבערען פֿעלד אונטער דעם שטענדיגען האָגעלען פֿון קוילען און שראַפּנעלען. עס איז כדאי צו פֿער־צייכענען די עטליכע ווערטער פֿון גענעראַל האַמילטאָן, דעם דאַמאָלסדיגען הויפּט קאָמאַנדער פֿון גאַליפּאָלער פֿראָנט, וועלכער דריקט זיך אויס אין איינעם פֿון זיינע בריעף ווי פֿאָלגט:

„די אידישע סאָלדאַטען פֿון „מויל עזעל קאָרפּוס״ האָבען אויסגעפֿיהרט זייער אַרבייט, וועלכע איז געטהאָן געוואָרען אונטער דאָס שטענדיגע בעשיסען פֿון קאַנאָנען און שראַפּנעלען, גאַנץ רוהיג, און צייטענווייז, ווי מיר דוכט זיך, האָבען זיי אַרוים געצייגט מעהר העלדענמוטה ווי די אַנדערע ענגלישע סאָלדאַטען פֿון פֿראָנט, ווייל דיזע פֿערמאָגען אין זיך דאָס מלחמה שכרות, וועלכע העלפֿט פֿערגעסען די געפֿאַהר״. בלויז עטליכע ווערטער, אָבער אין זיי פֿיהלט זיך וואַרימקייט און סימפּאַטיע פֿאַר דעם ערשטען פֿערזעהטען קערענדעל, פֿון

וועלכען עס האָבען שפּעטער אַרויסגעוואַקסען גאַנצע 3 אידישע באַטאַליאָנען מיט 10 טויזענד אידישע גוט־דיסציפּלינירטע סאָלדאַטען, וועלכע האָבען זיך ניט געקענט שעהמען פאַר קיין אַנדערען באַטאַליאָן אין דער ענגלישער אַרמעע.

ענדליך אָבער איז אין זומער פון 1916 דער לעגיאָן פאַרנאַנדערגעלאָזען געוואָרען טראָץ די פּראָטעסטען פון טרומפּעלדאָר און די לעגיאָנערען, און נאָך ענדע פון זעלבען יאָהר איז טרומפּעלדאָר געפאָהרען נאָך לאָנדאָן אַנטייל צו נעהמען אין דער אַרבייט וועגען שאַפען אַ אידישען לעגיאָן אויף אַ גרויסען ברייטען מאסשטאַב. דער איניציאַטאָר פון דעם גרעסערען פאַרנעהם איז געווען זשאַבאָטינסקי. די אַרבייט איז אָבער נאָך דאַן נישט געקרוינט געוואָרען מיט ערפאָלג, און אונטערדעסען האָבען איינצעלנע לעגיאָנערען זיך אָנגעשלאָסען אין די רייהען פון דעם אַלגעמיינעם בריטישען מיליטער, וועלכעס איז נאכהער אָנגעקומען קיין לאָנדאָן וואו זיי האָבען ווינציגסטענס געפּועל׳ט, אַז מען זאָל זיי ניט צושיידען, און זיי איבערפיהרען צייטווייליג צום 20־טען לאָנדאָנער באַטאַליאָן.

טרומפּעלדאר האָט זיך דאַן געווענדעט מיט דער ביטע מען זאָל איהם צונעהמען אַלס אָפיציער (דעם טיטעל קאַפּיטאַן האָט ער דאָך שוין געהאַט נאָך פון גאַליפּאָלי), אָבער איבער אונבעקאַנטע אורזאַכען איז זיין ביטע פערוואָרפען געוואָרען. זיין וויטער בליק אין דער צוקונפט פון אַ אידישען לעגיאָן האָט איהם אָבער ניט גענאַרט, וייל נאָך ביים אָנפאַנג אָר־גאַניזירונג פון ענגליש־אידישען לעגיאָן, זיינען עס די געוועזענע לעגיאָנערען געווען די ערשטע צו פאָדערען, אַז מען זאָל זיי שיקען נאָך ארץ ישראל. דאָס איז געווען דער 38־טער אידישער באַטאַליאָן — פון „שניידערלאַך" זיינען זיי אויסגעאיבט געוואָרען צו גוט־דיסציפּלינירטע סאָלדאַטען — וועלכע האָבען בכלל זיך גאָרניט געדאַרפט שעהמען געגען דעם בעסטען בריטישען באַטאַליאָן.

דאָס אַלזאָ איז בקצור די געשיכטע פון דער פאָרמירונג פון ערשטען אידישען לעגיאָן אונטער דעם נאָמען פון „ציוניס־טישען מויל עזעל קאָרפּוס" און זיין שנעלעם פערשווינדען אום צו מאַכען פּלאַץ פאַר אַ גרעסערען אידישען לעגיאָן, פריהער פון ענגליש־אידישע יונגע לייט אין לאָנדאָן, און שפּעטער פון אַמעריקאַניש־אידישע יונגע לייט אין ניו־יאָרק, פון וועלכען דער שרייבער פון דיזע צייל֞ען איז געווען איינער פון זיינע ערשטע מיטגלידער. אין די ווייטערדיגע קאַפּיטלען ווערען געשילדערט מיינע פּערזענליכע לעגיאָנס שטריכען און איבער־לעבונגען, וועלכע פערקערפּערען אין זיך די גאַנצע געשיכטע פון דעם אַמעריקאַניש־אידישען לעגיאָן, און שפּעטער דאָס צוזאַמען שמעלצען פון בערך 10,000 אידישע יונגע לייט פון פערשידענע וועלט טהיילען אין איין מיליטערישע איינ֞יגקייט פון 3 אידישע באַטאַליאָנען אויף דעם ארץ ישראל פראָנט.

II.

# ווי איך בין געוואָרען א לעגיאָנער.

דעם געדאַנק פון אַן אַמעריקאַניש־אידישען לעגיאָן פאַר ארץ ישראל, דאָס הייסט אַ מיליטערישע אָבטהיילונג פון אַמעריקאַניש־אידישע יונגע לייט, וועלכע זאָלען העלפען צו דער עראָבערונג פון ארץ ישראל פון דער טערקישער הערר־שאַפט, האָט געבראַכט קיין אַמעריקא אַ רוסיש־אידישער יונגערמאַן מיט׳ן נאָמען פנחס רוטענבערג (דאַן נאָך נישט זעהר בעקאַנט אין אונזערע נאַציאָנאַלע קרייזען) נאָך אין יאָהר 1916; אָבער ערשט אין אָנפאַנג פון יאָהר 1918 האָט זיין געדאַנק אָנגעהויבען אָנצונעהמען רעאַלע פאָרמען. דאָס איז געווען דאַן ווען צו אונז קיין אַמעריקא האָבען זיך דער־טראָגען די נייעס פון אַ ענגליש־אידישער קאָמיסיע, ווי אויך די עקזיסטענץ פון „זשאַבאָטינסקי׳ס לעגיאָן". דאָס וואַהרשיינליך

האָט געגעבען דעם הויפּט־שטויס צו דער פערווירקליכונג פון אַמעריקאַניש־אידישען לעגיאָן, און דאָ קום איך צו דער געשיכטע ווי אַזוי איך זעלבסט, אַלס איינער פון די ערשטע, וועלכער האָט געענטפערט דעם רוף „פאַר׳ן פאָלק און לאַנד“, בין געוואָרען אַ לעגיאָנער, און געטהיילט די פריידען און ליידען פון איינעם פון די אידישע באַטאַליאָנען אויף׳ן ארץ ישראל פראָנט. ומעשה שהיה כך היה.

אַ געוויסען טאָג, אַרום ענדע יאַנואַר 1918, קומענדיג אַהיים פון דער אַרבייט און דורכקוקענדיג אַ ניו־יאָרקער אידישע טעגליכע צייטונג, איז מיין בליק געפאַלען אויף אַ בילד פון 2 מענער, פון וועלכע איינער איז געווען מיין חבר אשר אסטראָווסקי. דאָס בילד האָט מיר שטאַרק פאַראינטערעסירט און איבערלעזענדיג די אונטערשריפט אויף דעם בילד, האָב איך זיך באַלד דערוואוסט, אַז אין ניו־יאָרק אָרגאַניזירט זיך אַ „אידישער באַטאַליאָן“ פון פרייוויליגע פאַר ארץ ישראל, אונטער דער אויפזיכט און קאָמאַנדע פון דער בריטישער מאכט, און אַז די 2 פאָטאָגראַפירטע אויף דעם בילד זיינען עס די ערשטע רעקרוטען פון דעם באַטאַליאָן. געפינענדיג ענדליך אין אַזאַ געשעהעניש מיין געהיימען וואונש, וועלכען איך האָב זאָגאַר מיינע נאָהענסטע נישט געוואַגט אָנצוטרויען, פשוט אוים מורא מען זאָל מיר נישט אויסלאַכען, האָב איך ניט לאַנג געטראַכט און טראָץ דעם וואָס איך בין געווען אַ זאָ־גענאַנטער „מלחמה געגנער“, האָב איך זיך אויף מאָרגען געפעדערט, גענומען אַ באַהן קאַרטע נאָך ניו־יאָרק און פערפאָהרען גלייך אין דער 42־טער גאַס, וואו עס האָט זיך דאַן געפונען א בריטיש־קאַנאַדישע רעקרוטען סטאַציאָן, אין וועלכער מען האָט אָנגענומען רעקרוטען פאַר׳ן אידישען באַטאַליאָן. עס איז אָבער געווען אַ שבת נאָכמיטאַג און איך האָב געמוזט וואַרטען אויף דער ווידער־עפענונג פון דער סטאַציאָן מאָנטאַג פריה. געקומען קיין ניו־יאָרק בין איך

מיט׳ן פֿאָלשטענדיגען בעשלוס צו ווערען אַ לעגיאָנער אונטער אַלע אומשטענדען, אָבער איך האָב געמוזט זיין געדולדיג. אין צווישען האָב איך זונטאג בעזוכט אַ לעגיאָנערען פֿערזאַמלונג, וואו עס זיינען בעשפּראָכען געוואָרען די פֿערשידענע תנאים און קאָנדיציעס וועלכע מיר זאָלען פֿאָרשלאָגען דער בריטישער רעגירונג איידער מיר פֿאָרמירען זיך אין אַ לעגיאָן אונטער איהר פֿאָהן, און די וויכטיגסטע איז געווען אַז ביז מען וועט ניט קריגען אַ אָפֿיציעלע פֿערזיכערונג, אַז מען וועט אונז אויסשליסליך שיקען קיין ארץ ישראל, זאָל מען זיך אָבהאַלטען מיט דאָס אָנשליסען. איך זעלבסט אָבער, בענוגענדיג זיך מיט דער הבטחה פֿון דעם מאַיאָר אַליין, בין איך צו מאָרגענס נאָך דער פֿערזאַמלונג אַוועק אין דער רעקרוטינג סטאַציאָן.

אַרויף די טרעפּ און אַריין אינוויינינג בין איך שטאַרק צוטומעלט געוואָרען, דערזעהענדיג דאָ פֿאַר מיר אַ רייהע פֿון גאַנץ אונבעקאַנטע וניפֿאָרמען פֿון די פֿערשידענע מיליטערישע בעאַמטע, ווי גענערעלער, פּאָלקאָווניקעס, מאַיאָרען, קאַפּי־טאַנען, לייטענאַנטען, מיליטערישע דאָקטוירים, נישט קאָמי־סיאָנירטע אָפֿיציערען און סתם סאָלדאַטען, ווי אויך אָפּיס־מיידלאַך און סתם ציוויליע, וועלכע זיינען, ווי איך, געקומען צו רעקרוטירען זיך אין דער אַלגעמיינער בריטישער אַר־מעע. שטעהענדיג אַזוי אַ פֿערלאָרענער איז צו מיר צוגע־קומען אַ הויכער העל־בלאָנדער וונגערמאַן, זיין שלאַנקע פֿיגור איינגעפּאַסט אין אַ שעהנער וניפאָרמע, אויף די פֿיס אַ פּאָר אָבלאַקירטע שטיוועלעטען מיט שפּארען, וועלכע האָבען ריטמיש צוגעקלונגען, און שמייכלענדיג האָט ער מיר געפֿרעגט וואָס איך פֿערלאַנג. איך האָב קוים אַרויסגעשטאַ־מעלט, אז איך וויל ווערען אַ סאָלדאַט אין „אידישען באַטאַ־ליאָן". בעטראַכטענדיג מיר דאַן פֿון קאָפּ ביז פֿיס, האָט ער מיר מיט אַ סאַקאסטישען שמייכעל אָבגעשיקט צו אַ זייטען טישעל, ביי וועלכען עס איז געזעסען אַ בלאָנדע איירישע

מיידעל; די לעצטע האָט מיר, אָנבאָטענדיג אַ שטוהל צום זיצען, פערוואָרפען מיט פערשידענע פראַגען, און מיינע אַנט־וואָרטען פריהער געצייכענט און נאכהער אָפּגעדרוקט אויף דער שרייב מאַשין. געענדיגט דעם „אווידיענץ" האָט זי מיר איבערגעבען די פּאַפּירען און מיר איבערגעשיקט צו איין צווייטען טישעל, נעבען וועלכען עס איז געזעסען אַ עלטערער ציוויליער מאַן. דער לעצטער האָט ווידער געמאַכט אייניגע בעמערקונגען אויף די פּאַפּירען, און נאכהער מיר אַריינגע־שיקט אין אַ זייטיגען צימער צום מעדיצינישען עקזאַמען. אַריין אין עקזאַמינער־צימער האָט מיר דאָס האַרץ אָנגעפאַנגען צו קלאַפּען; ענדליך קומט מיין יום הדין: „וועל איך זוכה זיין צו ווערען אַ סאָלדאַט אין דעם ערשטען אָפיציעלען „אידישען רעגימענט" אָדער חלילה ניט?" מען האָט מיר געהייסען זיך אויסטהאָן מוטער נאַקעט, און ווען עס איז געקומען מיין רייהע שטעלט מען מיר צוערשט אויף אַ וואָג. „107 פונט", רופט אוים דער מאַן וואָס וועגט צום צווייטען יונגענמאַן, וועלכער זיצט נעבען אַ נאָהענטען טישעל, און יענער פערצייכענט עס אין מיינע פּאַפּירען. „נישט גוט — קלער איך — עס פעהלען גאַנצע 13 פונט צו דער בע־שטימטער וואָג"; „5 פוס מיט 2 אינטשעס", — דאָ פעהלען גאַנצע 2 אינטשעס צו דער בעשטימטער מאָס; „די ראיה איז ערשטע קלאַס" — דאָס איז גוט, אָבער ערשט נאָך דעם גאַנצען ספּעקטאַקל שיקט מען מיר אַריין אין אַ צווייטען צימער צו מיין לעצטען שטרענגען קערפּערליכען עקזאַמען. איך קוק זיך אום אין נייעם צימער און דערזעה פאַר זיך אַ ריעז פון די מיטעלע יאָהרען אָנגעטהאָן מיליטעריש, און האַרט נעבען איהם איז געשטאַנען אַ ציוויל־געקליידעטער, מיטעל־געוואַקסיגער און דיקליבער מאַן, מיט אַ גלאַנציגע ליסינע אויפ׳ן קאָפּ, און דיזע זיינען עס געווען די רעקרוט־דאָקטוירים,

מען רופט אויס מיין נאָמען, איך ענטפער, און שטעל זיך אַוועק אין מיטען צימער, מיט די דאָקטוירים אַרום מיר, און זיי גראָבען אַריין זייערע בליקען אין מיין קערפער, בעטראַכטענדיג מיר פון קאָפּ ביז די פּיס קלאַפּענדיג, טאַפּענדיג, און ענדליך פערקוקען זיי זיך אויף מיינע צוויי ביינער אונטערן האַלז, וועלכע שטעהען אָב ווי הערנער, און עס הויבען זיך אָן שיטען פראַגען. מיין האַרץ איז מיר שיער צושפּרונגען געוואָרען פון אונגעדולד, מורא און האָפנונג, זעהענדיג ווי זיי סוד'ען זיך. אָבער לאַנג האָב איך נישט געוואַרט אויף דעם פּסק דין, וועלכער איז געווען "O.K.", דאָס הייסט אַ גוטער סאָלדאַט. ווען איך וואָלט זיך נישט געשעהמט פאַר די אַנוועזענדע, וואָלט איך דאַן אַוועק אין אַ ווילדען טאַנץ נאַקעטערהייד, ווייל אין יענעם מאָמענט בין איך פיליכט געווען דער גליקליכסטער מענש, ווען נישט אין דער גאַנצער וועלט, ווייניגסטענס איז דאָרט אין עקזאַמיניר צימער. האָב איך דאָך זוכה געווען צו זיין איינער פון יענע, וועלכע וועלען געהן עראָבערען ארץ ישראל פאַר'ן פאָלק ישראל. אָנגעטהאָן זיך, האָט מען מיר געשיקט צו אַ טישעל, נעבען וועלכען עס איז געזעסען אַ נידעריגער רויט-האָריגער יונגערמאַן, מיט גראָבע אויגען-גלעזער, אָנגעטהאָן מיליטעריש, און דער לעצטער האָט, איבערקוקענדיג מיינע פּאַפּירען, געמאַכט עטליכע צייכנונגען אויף עפּעס אַ גרינעם קאַרטעל, און איבערגעבענדיג דאָס מיר האָט ער מיר געהייסען זיך מעלדען אין דיזער רעקרוטען סטאַציאָן 3 וואָכען שפּעטער, זייענדיג גרייט צו פערלאָזען די פעראייניגטע שטאַאַטען.

אַ דינסטאג פאַרנאַכט פון פעברואַר 5-טען, 1918, איז עס געווען. אַלזאָ, בלויז 3 וואָכען איז נאָך מיר פערבליבען אויף צו פערברענגען און אָנצוטישען זיך מיט אַלע מיינע ליעבסטע און טהייערסטע, וועלכע איך האָב געהאַט אין אַזאַ גרויסע צאָהל. אַרויס פון דאָרט האָב איך זיך גלייך געלאָזען

צו דער באַהן סטאַנציע, צוריק נאָך האַרטפּאָרד. מיין אויסגערעכענטער פּלאַן איז געווען צו מאַכען אַ שוויינ ביז דעם טאָג פון מיין אָפּרייזע. דאָנערשטאג ביי דער וועכענט־ליכער פּועלי־ציון פערזאַמלונג איז שוין מיר קיין זאַך נישט געקראָכען אין קאָפּ, וואָס איז שוין געווען שטאַרק בעשעפטיגט מיט צוקונפט־פּלענער, אַלס אידישער סאָלדאַט, און ווען די פערזאַמלונג איז געווען צו ענדע האָב איך זיך אויפגעהייבען אויף אַוועק צו געהן, ווען מיין בעגייסטערטער חבר ז. האָט אויסגעשריען: „הוראַ! פאַר דעם ערשטען אידישען לעגיאָנער פון האַרטפאָרד", אויף וועלכען די חברים און חברות האָבען וואַרעם צוגעקלאַפּט. איך בין שטאַרק איבערראַשט געוואָרען, ווייל דאָס איז פאַר מיר געווען אונערוואַרטעט. איך האָב דאַן געבעטען דאָס וואָרט און אַפּעלירט צו יעדען חבר, ער זאָל נאָכטהאָן מיין ביישפּיעל. אַזוי האָט זיך די נייעס פון מיין רעקרוטירען זיך שנעל צושפּרייט אין דעם קרייז פון מיינע בעקאַנטע און קרובים, און פריינד אַזוי גוט ווי פריינד האָבען גערעדט וועגען מיר מיט דרך ארץ און איך נאַטירליך האָב זיך געפיהלט שטאָלץ און געשמייכעלט איבער דעם.

ביי מיינע פּועלי־ציון חברים בין איך פון דאַן אָן איינ־פאַך פערגעטערט געוואָרען, און מיין חבר ל. איז דאַן געווען פאַרטיג אַ האַלבע מלוכה אַוועק צו געבען פאַר טוישען זיך מיט די ראָלען. מיינע שוועסטער אָבער, דערוויסענדיג זיך פון מיין עובדה (איך בין איין ברודער צווישען 5 שוועסטער לעבען) האָבען מיר אויפגעפּאָדערט אויפצוגעבען דעם פּלאַן פון סאָלדאַטשטינא, בעמערקענדיג, אַז ווען איך וועל קריגען אָפּגעשאָסען אַ האַנד אָדער אַ פוס וועט מיר די גאַנצע וועלט בכלל, און דאָס אידישע פאָלק בפרט, קיין לאָרבער קראַנץ נישט געבען, און מען וועט מיר בעטראַכטען ווי די אַלטע טאָג־טעגליכע קאַליקעס פון גאַס. מיין אַנטוואָרט איז אָבער געווען קורץ און שאַרף: „בעשלאָסען, ציה איך נישט צוריק".

זיי האָבען זיך פיין אויסגעווײנט און שלום געמאַכט מיט דעם געדאַנק, אַז אַזוי מוז עס זיין.

פאַר מיר זיינען די 3 וואָכען געווען ווי 3 לאַנגע יאָהר, ענדליך אָבער האָב איך זיך ערוואַרט אויף מיין ערב אַוועקפאָהרען. יענעם גאַנצען טאָג בין איך געווען בעשעפטיגט מיט איינקויפען נויטיגע וועג־זאַכען, ווי אויך מיט דאָס געזעגענען זיך מיט אַלע מיינע קרובים און בעקאַנטע. דאַן האָב איך זיך צוריק געקעהרט און גענומען זיך גרייט צו מאַכען אין לאַנגען וועג אַריין.

III.

## דאס געזעגענען זיך.

עס איז געווען אַ פערוואָלקענטער פאַרנאַכט זונטאג, 24־טען פעברואַר 1918. ווען עס איז טונקעל געוואָרען זיינען מיין שוועסטער און קוזינע שטאַרק געוואָרען בעשעפטיגט מיט צוגרייטען די גוטע זאַכען פאַר דעם אָבשיעדס אָווענד, וועלכען דער פעראיין האָט בעשלאָסען צו אַראַנזשירען לכבוד מיין אָפּרייזע און טאַקע ביי איינע פון מיינע שוועסטער אין הויז. זיי בעפּוצען יעצט די עלעקטרישע לאָמפּען, צינדען אָן פאַרבען־רייכע קאָלירטע ליכט, וועלכע זיינען ספּעציעל געקויפט געוואָרען פאַר'ן אָווענד, און הייגען אויך אויס עלייאירטע פאָהנען מיט דער אידישער פאָהן אין מיטען. ווען איך בין שוין פאַרטיג צו דער רייזע העלף איך זיי אויך צו. מיר שטעלען אויס פערשידענע שפּייזען, פרוכטען און געטראַנקען אין שעהנער אָרדנונג אויף די בעפּוצטע טישען, און עטוואָס שפּעטער פאַנגט אָן דער עולם זיך צוזאַמען קומען. מען זעצט זיך ביי די טישען, איינס! צוויי! דריי! און דער אָווענד איז ערעפענט.

צוערשט, ווי עס איז געווען איינגעפיהרט ביי אונזערע

פועלי־ציון שמחות, קלייבט מען אויס אַ פאָרזיצענדען פאַר׳ן אָוועד און ער ערעפענט דעם אָווענד מיט אַ וואַרימע פאָררעדע, און מיט דאָס געזאַנג פון אונזער פּאַרטיי־ליעד, וועלכע ווערט באַלד אונטערגעחאַפּט און צוטראָגען צווישען דעם ערנסט־געשטימטען עולם; די פערזאַמעלטע האַלטען זיך אונטער: מען קנאַקט ניסלאַך, מען זינגט ליעדלאַך, מען מאַכט לחיים, מען פערבייסט און ערשט דאַן הויבען זיך אָן פערשידענע רעדעס. דער ערשטער האָט דאָס וואָרט טאקע דער פאָרזיצענדער אַליין, וועלכער האַלט אַ לענגערע רעדע, איבערחאַפּענדיג דערביי אַביסעל די מאָס מיט זיינע שבחים און לויב געזאַנגען פאַר מיר, און ער ענדיגט זיין רעדע מיט איבערגעבען מיר אַ שעהנע פאַנטאן פען אַלס מתנה אין אייביגען אָנדענק פון פעראיין. דער צווייטער צום וואָרט קומט חבר ש. וועלכער איז שוין געווען אַביסעל בגילופין און פאַנגט אָן בזה הלשון (ער פלעגט רעדען אויפ׳ן ר׳): „מיינע טהייערע חברים, חברות, פריינדע און חבר נירענשטיין. איהר חבר פאָהרט פון אונז יעצט אַוועק, פיליכט נישט מעהר צוריק צו קעהרען, און אַז דער פעראיין פערלירט אין אייך איינעם פון איהרע איבערגעבענסטע און טרייעסטע חברים. איהר חבר האָט אָבער אָבגעטהאָן אַזעלכעס מיט וועלכע מיר פועלי־ציון חברים שטאָלצירען, און וואָס יעדערער שטאָלצער פועלי־ציון האָט געדאַרפט נאָכטהאָן. איהר געהט חבר צו אָפּפערען דאָס בעסטע, דאָס שעהנסטע, וואָס אַ שטערבליכער מענש בעזיצט פאַר אייער אידעע, ליידער אָבער מוז איך אייך זאָגען, מיינע פריינדע, אַז טראָצדעם וואָס איך שטאָלציר זעהר מיט אונזער חבר, בין איך זעלבסט נישט דרייסט גענוג נאָכצוטהאָן זיין ביישפיעל״. טרעהרען האָבען זיך געלאָזט פון די אויגען און זיינע לעצטע האַרציגע זעגנונגס־ווערטער זיינען איהם אין האַלז געבליבען שטעהען. דער אַזוי אויך ערנסט־געשטימטער עולם איז דאַדורך נאָך מעהר ערנסט־טראַגיש

געוואָרען. עס איז שוין געווען 10 אָווענדס און אין דרויסען האָט אָנגעפאַנגען שטאַרק צו רעגענען.

נאָך איניגע פון די אנוועזענדע קריגען דאָס וואָרט. דאַן קומען מיינע אָנקעלס, שוואָגערס, קאַזינס, וועלכע רעדען מיט איינגעהאַלטענע טרעהרען. ווי איבערראַשט בין איך אָבער געוואָרען, ווען צו דער רייהע זיינען געקומען מיינע שוועסטער און זיי האָבען דאָס זייעריגע אָבגעזאָגט אַזוי רוהיג און גע־לאַסען טראָצדעם וואָס דאָס האַרץ האָט ביי זיי געווים גע־שטורעמט, אָבער דער סאַמע לעצטער פונקט אויפ׳ן טאַגעס אָרדנונג איז געווען דאָס געזעגענען זיך אַליין, און איבער־הויפּט דאָס קושעניש.

איך האָב זיך מיט אַלעמען אָהן אונטערשיעד האַרציג געקושט, חברים ווי חברות (און דעם ערשטען קוש האָב איך טאַקע אגב געחאַפּט פון אַ סימפּאַטישער חברה). מען פאָהרט אַוועק אין אַזאַ ווייטען אונבעשטימטען וועג, ווער ווייס צו וועט מען נאָך ביים לעבען ווען עס איז ווידער זעהן, זאָל בלייבען האָטש אַ קוש אַלס אַ שטיקעלע עראינערונג. דער עולם איז געריהרט. מיין חבר ז. האָב זיך פּשוט פערנאַנדער געחליפעט, אַ האַרציגער יונגערמאַן געווען. אַנדערע ווידער האָבען געוויינט צוליב דער אָנגעשטרענגטער שטימונג.

דער עולם איז ביסלעכוויז צוגאַנגען, מיט מיר זיינען בלויז געבליבען מיינע נאָהענסטע קרובים ווי אויך חבר א., נאָך אַ לעגיאָנער פון די אַלגעמיינע ציוניסטען, וועלכער האָט געדאַרפט מיט מיר צוזאַמען אָבפאָהרען, און נאָך צוויי יונגע לייט פון די אַלגעמיינע ציוניסטען, וועלכע האָבען אונז דורכאוים געוואָלט בעגלייטען צו דער באַהן סטאַנציע. אונ־טערדעסען איז שוין געוואָרען 2 פאַרטאָג. 9.30 פריה האָבען מיר שוין געברויכט זיין אין רעקרוטינג סטאַציאָן צו דער שבועה. ווען עס איז נישט אַזוי שפּעט רופט מען אָב אַ דראָשקע, דערצו נאָך האָט עס גע׳מבול׳ט ווי אויף צו להכעיס.

זעהענדיג אָבער אַז דער רעגען האָט זיך פֿערנומען אויף לאַנג, האָבען מיר געקראָגען איינינע רעגען־שירעמס און מיט די בעגלייטער אַוועק געגאַנגען צום באַהן שלעפענדיג די שווערע טשאַמאָדאַנעס. זעלבסט פֿערשטענדליך זיינען מיר ביים אָנקומען אין דער באַהן סטאַנציע געווען דורכגעווייקטע ביז׳ן ביין, נור ווייל עס איז געווען ענדע ווינטער און קיין מענשען זיינען אין אַזאַ שפּעטער שטונדע נישט געווען, האָבען מיר אויסגעטהאָן אונזערע אויבערשטע בגדים און זיי געלייגט טריקענען אויף די הויסע אויוועלאַך, און טאַקע אַ שטונדע שפּעטער ווען די באַהן איז אָנגעקומען זיינען מיר שוין געווען גוט טרוקען און מיר זיינען אַריין אין די וואַגאָנען און פֿערנומען פּלעצער. דאַן האָבען מיר זיך געזעגענט מיט אונזערע בעגלייטער. אַ קוש, אַ דריק, און מיר ווינשען איינער דעם צווייטען אַ שנעלען ווידערזעהן אין אַ פֿרייער ארץ ישראל. די באַהן גיט אַ שאַרפֿען פֿייף, דאָס וואָרענט זי אַז באַלד פֿערלאָזט זי, נאָך אַ פֿייף און זי ריהרט זיך. מיר פֿאָכען מיט די טיכלאך און קוקען אַראָפּ פֿון וואַגאָן פּלאַטפֿאָרמע, צו וואַרפֿען אַ לעצטען בליק אויף די חברים און דער שטאָדט האַרטפֿאָרד, פֿילייכט טאַקע דאָס לעצטע מאָל. די נאַכט איז אָבער געווען אַ פֿינסטערע, דער הימעל בעדעקט מיט שווערע וואָלקענס און מען האָט בלויז אַרויסגעזעהן די פֿערביילויפֿענדע עלעקטרישע גאַסען־לאָמפּען, און געקענט הערען דעם גערויש פֿין די באַהן רעדער, וועלכע האָבען געקלאַפּט דעם טאַקט: טיך! טאַך! טאַך! אונטערברעכענדיג אַזוי אַרום די נאַכט שטילקייט. אַדיע, חברים און טהייערע! אַדיע, האַרטפֿאָרד! די שטאָדט אין וועלכע איך האָב פֿערבראַכט קאַרגע 5 יאָהר מיט מיינע ליעבסטע און טהייערסטע. עס פֿאַלען זודיגע טרעהרען פֿון די אויגען, די ערשטע הייסע טרעהרען אין די 7 יאָהר נאָך מיין פֿאָטערס טויט.

## IV.

# ניו־יארק געהט אויף רעדלאך.

האַרטפאָרד איז געבליבען וויט־וויט הינטער אונז. טיך! טאַך! טאַך! זעצען פאַר די רעדער אויף זייער שפּראַך; מיר חאַפּען זיך אויף ווי פערחלומטע און געהען אַריין אין די וואַגאָנען. עס פאַנגט שוין אָן צו טאָגען און פערביי אונז שוועבען דורך בעקאַנטע שטעדט און שטעטלאַך, וועלכע פיהלען אונז אָן מיט שעהנע עראינערונגען. אָט איז ברידזפאָרט... אין דיזער שטאָדט האָב איך כמעט אין אַלע איהרע פאַבריקען איבערגעאַרבייט, דאָ אויסגעקעמפּפט מיינע פאַרטייקעמפּפע, ווי אויך דאָ איבערגעלעבט מיינע ערשטע ליעבעס געפיהלען, און אין אַ געוויסען טאָג שיעור נישט געמאַכט אַ שפּאַציער אויפ'ן עולם האמת. שעהנע עראינערונגען! און אָט ענדליך זיינען מיר שוין אויך אין ניו־יאָרק. מידע און שלעפעריגע האָבען מיר זיך אַוועקגעלאָזען מיט אונזערע שווערע געפּעק צום רעקרוטינג סטאַציאָן, און פריה ווי עס איז נאָך געווען האָט עס שוין דאָרט געשוויבעלט און געגריבעלט פון דער היבשער צאָל אידישע יונגע לייט, וועלכע זיינען אַהין אָנגעקומען מארבע פינות אַמעריקא צו נעהמען די מיליטערישע שבועה, און צו מאַכען די לעצטע הכנות פאַר אַ לאַנגער און געפעהרליכער רייזע איבער'ן ים...

צו צוויי האָט מען זיך געשטעלט אין דער רייהע מיט די גרינע קאַרטלאַך אין די הענד, אָבער ערשט 2 נאָך מיטאָג האָב איך זיך קוים ערוואַרט אויף מיין רייהע. דער זעלבער פאַרשוין, וואָס האָט אונז די קאַרטעל איבערגעגעבען מיט 3 וואָכען פריהער, האָט זי יעצט ביי אונז צוגענומען, איבערגעקוקט, ווידער אונז זי אָפּגעגעבען און געשיקט צו אַ זייטיגען טישעל, נעבען וועלכען עס איז געזעסען אַ פערקריפּעלטער בריטישער אָפיציער (אַ מלחמה קרבן?) און דיזער האָט,



קאָלאנאל מרגולין

דערלאַנגענדיג אין האַנד אַ ענגלישע ביבעל, אָנגעפאַנגען צו מורמלען עטוואָס אין דער שנעל, ווי אַ איד להבדיל „אשרי". פון דעם מורמלען האָבען מיר קיין וואָרט פערשטאַנען, און ענדיגענדיג האָט ער אונז געהייסען אויפהויבען די רעכטע האַנד און זאָגען אין ענגליש „זאָ העלף מיר גאָט". דאָס איז געווען די פראָצעדורע פון דער מיליטערישער שבועה, דורך וועלכער מיר זיינען געוואָרען אַ נאַ־דערויף פון אַ ברויטישען סאָלדאַט. מיר האָבען דאַן געקראָגען יעדער צו 6 דאָלאַר „קאַזיאָנע זשאַלאַוואָניע" (מיליטערישעס געהאַלט) און מען האָט אונז צולאָזען אין שטאָדט אויף 2 טעג. ניו־יאָרק איז יענע עטליכע טעג געגאַנגען אויף רעדלאַך; איז ערגעץ־וואו געשטאַנען אַ גרופע אידען אויפ'ן גאַס און גערעדט מיט גרויס התלהבות האָט איהר זיך באַלד אָנגעשטויסען וועגען וואָס מען היצט זיך. פון באַנקעטען, דעמאָסטראַציאָנען, רעדנער און רעדעס איז דאָך אָפגערעדט, אין דעם איז קיין מאַנגעל נישט געווען.

דערווייל האָב איך דאָ אָפגעזוכט איינינע קרובים און בעקאַנטע, וועלכע איך האָב שוין אַ צייט נישט געזעהן. איך האָב מיט זיי אַביסעל פערבראַכט און נאכהער זיך געזעגענט. מאַנכע פון זיי האָבען מיר מעהר־וויינינער בעוואונדערט פאַר מיין מוטה און ענטשלאָסענהייט, אַנדערע ווידער האָבען מיר שטאַרק בעדויערט און געשאָקעלט טרויעריג מיט'ן קאָפּ, ווי איינער זאָל זאָגען: „אַזאַ יונגערמאַן נאָך, און וויל שוין געהן אין דער ערד אַריין".

דעם 27־טען פעברואַר אָוועגד איז לכבוד אונזער ערשטע גרופע לעגיאָנערען פעראַנשטאַלט געוואָרען אַ באַנקעט און אָבשיעדס־אָוועגד אין דעם שעהנעם אילומינירטען האָטעל „עמפּייר" אויף דער 14־טער גאַס. אין אַ שעהנעם זאַל, מיט גרויס לוקסוס מעבלירט, מיט שפיגלען אַרום אַלע ווענט, און איינגעטונקט אין אַ שטראָם פון שעהנע עלעקטרישע ליכט,

זיינען ביי קליינע פיין־סערווירטע טישלאַך געזעסען טאַקע די מחותנים אַליין (עס הייסט די לעגיאָנערען) און געגעסען „אויףביידע באַקען" דעם געשמאַקען מאָהלצייט, וועלכען מען האָט ספּעציעל פאַר אונז צוגעגרייט. אויף דיזען אָבשיעדס־אָוענד זיינען איינגעלאַדען געוואָרען גרויסע בריטיש־מילי־טערישע בעאַמטע, ציווילע פּערזענליכקייטען פון דאָס אַמעריקאַנער יודענטהום, וועלכע האָבען געהאַלטען פלאַם־פייערדיגע רעדעס, ווי עס פּאַסט פאַר אַזאַ אָוענד, ווען די „גאַטשאַלסטוואָ" שיקט אָפּ נאָך אַ טראַנספּאָרט מענשען צו קעמפפען פאַר זיין מאַיעסטעטס רעגירונג, און אויך אחינו בני ישראל, וועלכע זיינען געקומען ווינשען אַ האַרציגען צאתך לשלום זייערע ברידער און קינדער, די מאָדערנע אידישע מכבעער פון 20־טען יאָהרהונדערט.

ווען דער אָוענד איז געווען צו ענדע האָט זיך אָנגע־פאַנגען אַ ריזיגע פּראָצעסיע אין גרויסע 5־טע עוועניו אָמ־ניבוסען, וועלכע זיינען געווען איבערפילט מיט לעגיאָנערען און געסט טראָגענדיג אידישע־בריטישע און אַמעריקאַנער פאָהנען, ווי אויך דעמאָנסטראַטיווע אויפשריפטען אין אידיש־העברעאיש און ענגליש, און דער טומעל איז געווען עד לב השמים (און ווען איז דען אַ איד רוהיג?). די פּראָצעסיע האָט זיך אַזוי געצויגען דורך דער גוי'אישער 14־טער גאַס, ביז מען איז צוגעקומען צו דער אידישער איסט בראָדוויי. איבע־ראַל האָבען אונז אידען בעגעגענט מיט בעגייסטערונג. גוים ווידער האָבען אויך אָנגעשטעלט מויל און אויערען, זיי זעהען צום ערשטען מאָל אַזאַ משונה'דיגען ספּעקטאַקעל, עפּעס אַ וויים־בלויע פאָהן מיט אַ 6 עקיגען שטערען אין דערמיט, אין בעגלייטונג פון בריטישע און אַמעריקאַנער פאָהנען. זיי ווערען שטאַרק נייגעריג און ערפאַהרען באַלד, אַז עס איז פאַראַן אויף דער וועלט אַזאַ פאָלק וואָס רופען זיך אָן אידען, וועלכע פערמאָגען אויך אַ אייגענע פאָהן, אַז עס אָרגאַניזירען

זיך אידישע באטאליאָנען אונטער דיזער פאָהן און אז דאָס זיינען עס די רעקרוטען פון אזעלכע באטאליאָנען, וועלכע געהען באלד אוועק נאָך...? און פילע אמעריקאנער ווערען הינגעריסען אין דעם שטראָם פון בעגייסטערונג און שרייען אויך הורא!

אין הארץ פון דעם אידישען קווארטאל האָט אונז ער־ווארטעט א ריזיגער עולם, וועלכער האָט אונז פייערליך בעגריסט. מען האָט ווידער גערעדט אונטער א אויסגעשטע־רענדען הימעל און דער שעהנער לבנה־נאכט ביז שפעט אין דער נאכט אריין. איבעראל האָבען מארשירט גרופען יונגע־לייט מיט פאָהנען און געזאנג, ביסלעכווייז איז עס אָבער שטילער געוואָרען און די נאכט האָט אלעס און אלעמען בעהערשט.

קומענדען מאָרגען האָב איך זיך געפעדערט אָפצוזעסען און איך בין געלאָפען זיך איינקויפען אביסעל גייסטיגע שפייזען, ווי צייטונגען און זשורנאלען, און איידער איך האָב מיר אומגעקוקט איז שוין געוואָרען 12 מיטאָג. 2 נאָכמיטאָג האָבען מיר שוין ווידער געמוזט זיין אין רעקרוטינג סטאציאָן צו דעם קאָנטראָל און גרייט אָפצורייזען. איך האָב בעזוכט נאָך איניגע פלעצער און דאן געחאפט די אונטערגרונד באהן נאָך דער 42־טער גאס. ארום רעקרוטען סטאציאָן האָב איך שוין געטראָפען די גאסען שווארץ פון מענשען, פילדערענדיג אין א מיש־מאש פון לשונות. מייסטענס זיינען דאָ געווען קרובים פון די אָבפאָהרענדע, ווי אויך פריינדע און בעקאנטע און סתם נייגעריגע אידען. אויף די גאסען און טראטוארען האָבען זיך געוויזען א גאנצע ארמעע פון פאָטאָגראפען, וועלכע האָבען אויפגענומען פאָטאָגראפיעס פון איינצעלנע און גרופען לעגיאָנערען.

אריינקומענדיג אין סטאציאָן האָב איך שוין געטראָפען

דאָס אויסרופען די נעמען פון די אָבמאַשירענדע. דער הויכער העל־בלאָנדער יונגערמאַן אין דער שעהנער מיליטערישער יוניפארמע, מיט וועלכען איך האָב שוין דעם לעזער געהאַט בעקאַנט געמאַכט ביי אַ פריהעריגער געלעגענהייט, און וועלכער איז לויט דעם מיליטערישען ראַנג געווען אַ סאַרדזאַנט (3 בענדעלדיגער) איז משמעות בעשטימט געוואָרען אַלס אונזער צייטווייליגער קאָמאַנדער און וועג־ווייזער ביז אַ געד ווייסען אָרט, צו וועלכען ער דאַרף אונז צושטעלען. דער לעצטער נעהמט די לעצטע אינסטרוקציעס פון מאַיאָר אַליין, און באַלד הייסט מען אונז זיך ריהרען.

אין דרויסען האָט מען אונז אויסגעשטעלט צו 4 אין דער רייהע, אין דער ברייט, און אַזוי אויסגעשטעלטע האָבען מיר טאַקע פערנומען אַ גרויסען שטח פון דער 42־טער גאַס אין איהר לענג מחמת מיר האָבען געצייהלט 150 פערזאָן. עס ערשיינט פון ערגעץ אַ אָרקעסטער פון מוזיק, און אָן דער שפיצע בעווייזט זיך אַ שעהנע זיידענע ווייס־בלויע פאָהן, וועלכע איז ספּעציעל געשענקט דער 1־טער גרופּע לעגיאָנערען פון דער אַמעריקאַנער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע.

טי—רי—בי—רי—בי—רי—בי—רי—בי—רי—באַם, גיט אַזעץ דאָס קעסעל־פויק, וועלכער איז באַלד אונטערגעהאַפּט געוואָרען פון די קאַרנעטען און די אַנדערע מעשענע כלי־זמר, און מיר האָבען אָנגעפאַנגען אונזער מאַרש אונטער די שטור־רעמדיגע אַפּלאָדיסמענטען און ענטהוזיאַזם פון הונדערטע בעגלייטער. עס ווילט זיך אַזוי מאַרשירען אין טאַקט פון דער מוזיק. אַך! ווי שעהן, האָב איך געקלערט, וואָלט עס געווען ווען אַלע לעגיאָנערען טרעטען אַרויס אַלע ווי איין מאַן אין טאַקט מיט דער מוזיק. דער אונגעאיבטער עולם מאַכט אָבער דערפון אַ קאַשע, און מיר פערדריסט עס זעהר שטאַרק. ביי אַ לאָקאַלער באַהן סטאַנציע פון דער הויך באַהן זיינען מיר שטעהען געבליבען, און מען האָט אונז אַריין געלאָזען אויף

דער פלאַטפאָרמע. דאָ האָט אונז דער סאַרדזאַנט ווידער אַמאָל אויסגעשטעלט אין 2 שורות אין דער לענג פון דער פלאַטפאָרמע צו וואַרטען אויף דער באַהן. פון יעצט אָן פאָהרען מיר שוין אויף דער רעגירונגס רעכנונג, און אונזערע בעגלייטער האָבען ווי געוויינליך געמוזט קויפען זייערע אייגענע באַהן־קאַרטען.

ווען די באַהן איז געקומען איז זי אין 2 סעקונדען אָנ־געפּאַקט געוואָרען ווי אַ אויג מאחינו בני ישראל, וועלכע האָבען זיך באַלד צוזונגען ווי אין פסוק שטעהט, און דאָס ביסעל גוי'אישע פּאַסאַזשירען וואָס האָבען זיך דערין געפונען זיינען איינפאַך בטל בשישים געוואָרען, זאָגאַר דאָס בייזערען זיך און בורטשען פון דעם גוי'אישען סאַרדזענט האָט ווייניג וואָס געהאָלפען. נאָך אַרום 20 מינוטען פאָהרען איז די באַהן שטעהן געבליבען, און אַרונטער שטייגענדיג האָבען מיר דער־זעהן אַז מיר זיינען ביים ניו־יאָרקער האַפען וואו מיר האָבען בעדאַרפט בעשטייגען אַ שיף נאָך באָסטאָן. אויף דאָרט האָט אונז אַ ריזיגער עולם ערוואַרטעט. אַהין זיינען געקומען על־טערען זיך זעגענען מיט זייערע זיהן, ברידער און שוועסטער מיט זייער ברודער, אַ אָנקעל מיט זיין פלימעניק, אַ שווער מיט אַ איידים, אַ געליבטע מיט איהר געליבטען, אָדער סתם פריינדע און בעקאַנטע, ווי אויך גלאַט ענטהוזיאַסטישע, נייגעריגע צושויער. אויף אַ גרויסען קאַסטען ערבליקען מיר 2 מענער, וועלכע דרעהען אין אַ גרויסע מאַשין, ווי להבדיל אין אַ קאַטערינקע. דאָס איז געווען אַ קינעמאַטאָגראַף אַפּאַ־ראַט, און חברה, פערשמעקענדיג עס, האָבען זיך ווי די ווילדע אַ לאָז געטהאָן אין דער נעהע פון דער מאַשין, האָ־פענדיג צו זיין איינער פון די הויפט העלדען ווען מען וועט די בילד צייגען אין אַ בעקאַנטען קינעמאַטאָגראַף.

ענדליך אַלזאָ איז געקומען די צייט פון בעשטייגען די שיף. עס פאַנגט זיך אָן אַ קושעניש מיט אַ חליפעריי. אָט

שטעהען 2 מענער, פון וועלכע איינער איז נאָך כמעט א קינד, וועהרענד דער צווייטער איז שוין גוט גראָה. אַ פּאָטער און אַ זוהן? זיי פאַלען איינער דעם צווייטען אויפ'ן האַלז, און ביים יונגען קייקלען זיך פּריי אַרוים די טרעהרען, וועהרענד דער אַלטער שטעהט ווי פערשטיינערט. עס זעהט אוים אַז דאָס לעבען האָט איהם שוין אין גאַנצען פערהאַרטעוועט, און עס ריהרט איהם ניט זאַגאַר שיידענדיג זיך מיט זיין געליעבטען, פיליייכט איין איינציגען זוהן, וועלכער פערלאָזט איהם יעצט פיליייכט אויף זיך מעהר נישט צוריק קעהרען. אין אַ צווייטען ווינקעל בעמערק איך אַ פּאָרִיל, ביידע יונגע שעהנע. אַ מאַן און פרוי? אָדער געליבטע? זיי צוקושען זיך צערטליך איניגע מאָל, דריקענדיג איינער דעם צווייטען שטאַרק צום האַרצען, האַלטען איינער דעם צווייטענס הענד, און קוקען אַריין איינער דעם צווייטען טיעף אין די אויגען אַריין. קיין שמייכעל בעמערקט איהר נישט אויף זייערע געזיכטער, אָבער אויך נישט קיין טרעהרען. זיי פערשטעהען איינער דעם צווייטען: „דאָס לאַנד רופט און זי איז בילכער". אַזעלכע און אַנדערע ריהרענדע סצענעס האָט איינער בייגעוועהנט ביים ברעג.

אויפ'ן שיף האָט מען אונז געציילט, און דער סארדזאַנט האָט איבערגעגעבען די צאָל פון די לעגיאָנערען צום שיף'ס קאַפּיטאַן וועלכער האָט עס פערצייכענט אין זיין נאָטיץ ביכעלע. זאָגאַר אויף דער שיף זעלבסט איז דער עולם געווען גרוים. מען האָט ערוואַרטעט „שמריהו לעווין", וועלכער נישט זייענדיג אין שטאַנד צו זיין אַנוועזענד אויפ'ן נעכטיגען באַנקעט, האָט ער געזאָלט קומען אונז געבען זיין זעגען. דער עולם איז געוואָרען רוהיגער און ערנסטער, און איניגע מינוטען שפּעטער האָט זיך אויפ'ן שוועל פון שיף בעוויזען דער בעוואוסטער, איבעראַל געאַכטער, ציוניסטישער טהוער און רעדנער. זיינע ליפּען האָבען זיך נערוועז בעוועגט, זיין פּנים אָבער האָט געטראָגען דעם אויסדרוק פון שטאָלץ און ענטשלאָסענהייט

„קינדער!" פאַנגט ער אָן (ווי זיין געוויינהייט איז פריהער שטיל און רוהיג), „איהר מישט יעצט איבער גאָר אַ נייע בלעטיל אין דער אידישער מאַרטירער געשיכטע, אין אייך זעה איך פערקערפערט די נשמות פון די קנאים בריונים און מכבעער, יענע גרויסע אידען וואָס האָבען מעהר נישט גע־קאָנט צוקוקען ווי מען טרעט אויף דעם שטאָלץ און הייליגטהום פון זייער פאָלק. קליין און שוואַך אין צאָל, אָבער גרויס אין מוטה און גייסט, האָבען זיי דאָס קליינע הייפעלע ערקלערט קריג דעם מעכטיגען שונא, און מיט דעם מוטהיגען קריעגס־רוף פון „חרב לה' ולארצנו" האָבען זיי זיך ווי די צורייצטע לייבען אויף דעם שונא געוואָרפען, איהם פערניכטעט, פער־טריבען, און צוריק געשטעלט דאָס שטאָלץ פון פאָלק און לאַנד, און איהר, קינדער, זייט אונזערע מאָדערנע מכבעער". זיין טאָן ווערט ביי דיזער שטעלע נערוועזער און שטאַרקער, און ער זעצט פאָרט: „אַלזאָ, קינדער! איהר געהט יעצט ווידער אַמאָל אין אונזער געשיכטע, אונזער ארץ ישראל מיט ביקס און שווערד צו נעהמען. שווערט זשע מיר קינדער! אז פון יעדען שפאַן ערד וואָס איהר וועט מיט אייער בלוט ער־אָבערען וועט איהר קיין מאָל נישט צוריק טרעטען, ביז דאָס לאַנד וועט גענצליך זיין בעפרייט, גרייט צו עמפפאַנגען צוריק אין איהרע מוטערליכע אָרעמס איהר געפלאַגטעס, אייביג־פערוואָגעלטעס פאָלק".

ביי דיזע ווערטער איז איין הייליגעס ציטער אַדורך יעדענס לייב, און אינסטינקטיוו האָבען זיך די הענד געהויבען. „יאָ! מיר שווערען! מיר שווערען!" האָט זיך דערהערט דער ענט־פער, אָבער דאָ האָט אַ קלונג געטהאָן דער שיף'ס גלאָק, און מען האָט אויפגעהויבען דעם אַנקער. זיינע לעצטע ווערטער איז געווען אַ האַרציג ברידערליכער „זיי געזונד" און ער איז אַרונטער פון שיף נאָכגעפאָלגט פון דעם גאַנצען עולם בע־גלייטער, נאָהענטע און פריינד.

באַלד האָט זיך דערהערט אַ שאַרפער פייף און די שיף האָט זיך גענומען ריהרען...

V.

## מיט'ן שיף פון ניו־יארק נאך באסטאן.

עס איז געווען אַ שעהנער וואַרימער פאַרנאַכט (דאָנער־שטאג 28־טען פעברואַר, 1918) ווען די זון האָט זיך פונקט געהאַלטען אין זעצען און פערשווינדען. חברה פון שיף פאָכען מיט טיכלאַך און פאָהנען, באַלד צוטראָגען זיך די טענער פון דער „שבועה" און ווי צום אַנטוואָרט דערטראָגען זיך פון אונטען אויך די קלאַנגען פון דער „התקוה". די שיף שניידט דורך שטאָלץ איהר וועג דורך די וואַסערען פון שעהנעם הוד־סאָן, און ווען עס איז שוין געוואָרען טונקעל האָבען זיך פון ביידע זייטען ברעג אָנגעצונדען ווייט און ברייט הונדערטע, טויזענדע עלעקטרישע לאָמפען און ליכט פון דער 2־טער גרעסטער וועלט־שטאָדט. געגען אַ שטונדע פאָהרען איז די שטאָדט פערשוואונדען, און די שיף איז אַריין אין אָפענעם ים־אויסגוס. אַ קאַלט ווינטעלע, וועלכער האָט אונז אָנגעזאָגט אַז מיר זיינען נאָך אין גאַנצען נישט פאַרטיג מיט'ן ווינטער, האָט אונז געצוואונגען אַריינצוגעהען אינוויינִיג.

אונז לעגיאָנערען האָט מען געגעבען קאַיוטען אין צווישען־דעק, פון וועלכען עס האָט זיך באַלד געלאָזען הערען אַ גוט בעקאַנטער איבעלדיגער שיף'ס גערוך (אַ רעגירונג קען גע־וויינליך נישט בעוויזען צו שיקען טרופען אין 2־טע קלאַסע קאַיוטען) און עס איז קיינעם נישט געווען שטאַרק צום האַר־צען, און אַזוי ווי יעדער פון אונזער גרופע האָט זיך פערזאָרגט מיט עטליכע איבעריגע דאָלאַרען פאַר אַ „שוואַרצען טאָג" אונטערוועגס, האָט יעדער צוגעצאָהלט וויפיל מען האָט גע־פאָדערט פאַר אַ קאַיוטע מיט בעקוועמליכקייט. יעדער פון

אונז האָט איבערגעטראָגען זיינע זאַכען, האָט געבראַכט אין אָרדנונג די געלעגערס, פֿערשלאָסען די צימערען און איז אַריין אין זאַל פֿון שיף צו פֿערברייננגען. מיר האָבען זיך אויסגעזעצט מעשה בעלי הבתים אויף די סאַמעטענע שטוהלען און דיוואַנעס און זיך צוזונגען אין אַ מיש־מאַש פֿון פֿערשידען־שפּראַכיגע לידלאַך.

יענעם אָבענד זיינען צווישען אונזער גרופּע ענטדעקט געוואָרען אַ מאַסע טאַלאַנטען. צווישען דיזע טאַלאַנטען איז ווערטה צו דערמאָנען איינעם מיט'ן נאָמען בראָצקי, וועלכער האָט פֿאַר אונז געזונגען אייניגע אָפּערא אריעס, מיט וועלכע ער האָט ביי אַלעמען שטאַרק אויסגענומען, און אין דער ווייטערער געשיכטע פֿון לעגיאָן איז ער געוואָרען דער אָפּעראַשטערען פֿון אונזער ערשטער לעגיאָנערען גרופּע. נאָך איינער, אַ בלאָנדער יונגערמאַן מיט'ן נאָמען שוואַרץ פֿאָקס, האָט פֿאַר אונז געזונגען. ער האָט בעזעסען אַ גאַנץ אָנגענעהמע טענאָר שטימע, עס האָט זיך אָבער געפֿיהלט אַז עס פֿעהלט נאָך עפּעס אין דער שטימע. דער לעצטער האָט פּרעטענדירט צו זיין אַ געוועזענער שטודירטער חזן פֿון דייטשלאַנד, און לויט ווי מיר האָבען שפּעטער ערפֿאַהרען, איז זיין גרעסטע אַמביציע געוועזען צו קריגען אַ קאָמיסיאָן אַלס מיליטערישער ראַבינער פֿון אַמעריקאַניש־אידישען לעגיאָן. יענעם אָוועטד האָט יעטוועדער בעוויזען וואָס ער קען, און מיר האָבען זיך טאַקי פֿיין אַמוזירט.

שפּעט אין אָוועטד זיינען מיר זיך צוגאַנגען אין די קאַיוטען שלאָפֿען, און אויפֿ'ן שיף איז אַלעס רוהיג געוואָרען. דעם קומענדען מאָרגען איז די שיף אַריין אין באָסטאָנער האַפֿען, און ביים ברעג האָט אונז שוין ערוואַרטעט אַ ספּעציעלער צוג אָבצופֿיהרען אונז, ווי אויך אַנדערע פּאַסאַזשירען, נאָך דער צענטראַל סטאַנציע פֿון באָסטאָן. אַרונטערשטייגענדיג פֿון דער באַהן האָבען מיר שוין דאָ געטראָפֿען אַ גרויסען

עולם באָסטאָנער אידען, ערוואַרטענדיג אונז, טראָגענדיג דערביי פערשידענע באנערען, עמבלעמען און אויפשריפטען אין איניגע שפראַכען, און דיזער עולם האָט אונז געגעבען אַ פייערליכען קבלת פנים.

ווידער אַמאָל האָט מען אונז צושטעלט צו 4 אין אַ שורה אין דער ברייט פון גאַס; פאָראויס ערשיינט אַ אָרקעסטער פון אַמעריקאַנער באָי סקאָטס (אַזאַ יונגע מיליטערישע אָר־גאַניזאַציע) מיט אונזער פאָהן בראש. דער אָרקעסטער שפיעלט אַ מיליטערישען מאַרש און מיר מאַרשירען איבער די באָס־טאָנער גאַסען. דער טאָג איז גראַדע געווען אַ וואָלקענדיגער און עס האָט אָנגעפאַנגען ביסלעכווייז רעגענען. אַזאַ וועטער האָט אונז געוועהנליך קיין פערגעניגען נישט פערשאַפען, מען מאַרשירט אָבער אַזוי ווייטער, און די מענשען וועלכע היילען זיך אַזוי צו דער אַרבייט, שטעלען זיך אָפּ אויף איניגע סעק־קונדען און בעטראַכטען די סצענע מיט נייגעריגקייט, נישט קוקענדיג דערויף וואָס אין באָסטאָן איז די אידישע פאָהן גראַדע מעהר בעקאַנט ווי אין דעד גרעסטער אידישער שטאָדט ניו־יאָרק, ווייל אין באָסטאָן פלעגען פאָרקומען אַלע גרעסטע ציוניסטישע און פועלי־ציוניסטישע קאָנפערענצען און דאַדורך איז די אידישע פאָהן זעהר פיעל דעמאָנסטרירט געוואָרען.

פון די פענסטער רוקען זיך אַרויס נייגעריגע געזיכטער, אָפּיס־מיידלאַך און בחורים וואַרפען פאַר אַ ווײַלע זייער אַר־בייט און רוקען זיך אַריין אין די פענסטער, געהען אַרויס אויף די באַלקאָנען און דעכער, און אַפּלאָדירען שטאַרק די מאַרשירענדע. אין איין פלאַץ האָט אַ אַמעריקאַנער מיטעל־יאָהריגע פרוי מיט אַ מיידעלע ביי איהר זייט אַרויסגעשטעקט די קאָפּ פון 5־טען אָדער 6־טען עטאַזש און געפאָכעט צו אונז מיט אַ אַמעריקאַנער פעהנדיל. דאָס איז אונז שטאַרק געפעהלען געוואָרען, און אויף דיזע אַלע בעגריסונגען האָבען



רעקרוטען פֿון ציון מויל עזעל קאָרפּוס.

מיר געענטפערט מיט א הויב מיט די הימלען אלס סימן פון אנערקענונג. אזוי האבען מיר אדורך־מארשירט א היבש ביסעל גאסען ביז מיר האבען זיך דערשלאגען צום שטאאט־הויז, וואו מיר זיינען שטעהן געבליבען. דער ארקעסטער איז אויך שטיל געווארען, און דער גובערנאטאר פון שטאאט מאסיטשוסעטס האט אונז בעגריסט אין נאמען פון די בירגער פון זיין שטאאט, ווינשענדיג אונז דערביי גליק און פארשריט אין אונזער ווירדיגער אונטערנעהמונג. אביסעלע ווייטער האט אונז בעגריסט דער מעיאר פון באסטאן אין נאמען פון די בירגער פון באסטאן און מיר, די צוקונפטיגע סאלדאטען, הויבען מיט די הימלען און שרייען הורא...

מיר האבען פארטגעזעצט אונזער מארש און זיך אפגעשטעלט ביי דער געביידע פון א באסטאנער .Y.M.C.A, וואו מען האט אונז געהייסען אריין אויבען אין 2 גרויסע צימערען אויסגעשטעלטע מיט שטוהלען. די ווענט זיינען געווען דעקארירט מיט פאהנען, צווישען וועלכע אונזערע האט פערנומען דעם אויבען אן. אלע האבען זיך צוזעצט אויף די שטוהלען און חנ'ווודיגע אידישע טעכטער זיינען שטארק בעשעפטיגט געווארען מיט טהיילען טהע, טערטלאך, קוכענס, צוקערקעס, טשאקאלאדען, ציגארעטען, טאבאק, קליינע אידישע פאהנען, און בלומען פאר די לאצען. אונזערע פערמאטערטע לעגיאנערען האבען דאן ארויסגעוויזען א פיינעם אפעטיט און וויל מיר האבען גאר אין מויל נישט גענומען זינט לעצטע נאכט, האבען מיר ממש ווי הונגעריגע וועלף אלעם פערצוקט, און ווען מיר שעהמען זיך נישט בעטען מיר נאך...

No. 2 אויפ'ן טאגעס ארדנונג זיינען געווען רעדעס פון 2 בריטישע סארדזאנטען, וועלכע זיינען ספעציעל געשיקט געווארען פון דער ארטיגער בריטיש־קאנאדישער רעקרוטינג סטאציאן, אום צו שילדערען פאר אונז וואס פאר א טרוסען די דייטשען און טערקען זיינען, און אחרון אחרון חביב, דער

לעצטער איז געווען דער באָסטאָנער רב, אַ הויך־געוואַקסיגער שלאַנקער איד פֿון די מיטעלע יאָהרען, מיט גרויליכע האָר, אַ ליכטיגען פּנים, אויפֿ׳ן אידיש־רעליגיעזען אַרט געשמאַקפֿול געקליידעט און מיט אַ לאַנגליך־גרויע, אויסגעקאַמטע באָרד וועלכע האָט איהם צוגעגעבען אַ בעזונדער פּאַטריאַרכאַלען חן און אידישע שעהנקייט. דער רב האָט מיט ברידערליכער וואַרימקייט אונז בעגריסט אין נאָמען פֿון באָסטאָנער יודענ־טהום. אין זיין אַדרעס האָט ער זיך בענוצט דורכאויס מיט שטעלען פֿון תלמוד און אַנדערע ספֿרים, אָנצייגענדיג אויף די לעצטע געשעהענישען אַלס דעם ריכטיגען סימן פֿון דער „אתחלתא דגאולה"... ענדיגענדיג האָט ער אויפֿגעהויבען זיינע לאַנגע דאַרע הענד בענשענדיג אונז, זיינע ווערטער זיינען געווען געצויגען, מאָנאָטאָן אָבער זעהר איינדרוקספֿאָל. אויף מיר האָט ער בעזונדער געווירקט, ווייל נאָך אַלס אינגעל, לעהרנענדיג ישעיהו מיט זיינע שעהנע שטראָף־ווערטער, האָב איך אין מיין פֿאָרשטעלונג געזעהען דעם נביא פּונקט אין דער פֿערקערפּערונג פֿון דיזען רב.

מיר האָבען נאָך פֿערווײלט דאָרט אַ קורצע צייט נאָכ־דעם און ענדיגענדיג מיט דער „התקוה" האָבען מיר זיך גע־ריהרט, דאַנקענדיג הערצליך אונזערע אידישע שוועסטער פֿאַר די גוטע זאַכען, וועלכע זיי האָבען צווישען אונז פֿערטהיילט. ביי דער אָרטיגער רעקרוטינג סטאַציאָן האָבען מיר זיך צו־זאַמען געטראָפֿען און פֿעראייניגט מיט דער באָסטאָנער גרופּע לעגיאָנערען און צוזאַמען אַוועקמאַרשירט צום האַפֿען, וואו מיר האָבען געדאַרפֿט בעשטייגען אַ שיף, וועלכע זאָל אונז אָפּ־פֿיהרען קיין קאַנאַדאַ. אויך ביים באָסטאָנער האַפֿען איז עס געווען פֿול מיט אחינו בני ישראל, וועלכע זיינען געקומען זיך זעגענען מיט זייער חלק העלדען... און אויך דאָרט האָבען זיך אָפּגעשפּילט ריהרענדע סצענעס...

די שיף וועלכע האָט אונז געדאַרפֿט אַריבער פֿיהרען נאָך

קאַנאַדא איז געווען אַ קליינע, און פון מלך סאביעסקעס ציי־טען, אינווייניג אָבער איז זי געווען גאַנץ מאָדערען אויסגע־שטאַטעט. די שיף האָט פערלאָזען דעם ברעג אין בעגלייטונג פון געוויין, געזאַנג, און אַ מיש־מאַש פון פערשידענע קלאַנגען. מען פאָכעט מיט די טיכלאַך, און די בעגלייטער קוקען אונז נאָך אַזוי לאַנג, ביז מיר פערלירען זיי פון אויג...

## VI.

# מיר פערלאזען די פעראייניגטע שטאאטען.

אַ פרייטאג פאַרנאַכט, דעם 1־טען מאַרטש, 1918, איז עס געווען. מיר פערלאָזען יעצט אין גאַנצען די פעראייניגטע שטאַאַטען אָדער ווי זי איז בעסער בעקאַנט אונטער דעם נאָמען „אַמעריקא", יענעס לאַנד, אין וועלכען יעדער פון אונז לאָזט עמיצען איבער, ווער איין געליעבטע, אַ טאַטע־מאַמע, שוועס־טער, ברידער, אנקעלס, טאַנטעס, קאַזינס, גלאַט פריינדע און בעקאַנטע, אָדער די אַלע צוזאַמען... שטילע טרעהרען פליסען פון די אויגען, דאָך אַ גוטע שטיף־מאַמע געווען, מיר דער־מאָנען זיך אָבער באַלד אָן אונזערווירקליכער מוטער „ציון" און ווערען מונטערער און לעבעדיגער. חברה האַלטען זיך אונטער; מאַנכע געהען אַ רקוד'ל, אַנדערע זינגען, מאַכענדיג דערביי פערשידענע העוויות און קונצען, און גאָר אַ אַנדערער זיצט זיך אָפּגעזונדערט אין אַ ווינקעלע פון שיף מיט אַ טרויעריגען אויסדרוק אויף זיין געזיכט. ער איז וואַהרשיינליך בעשעפטיגט מיט פערשידענע געדאַנקען און ערינערונגען, וועלכע ער לאָזט איבער דאָרט, וויים אויפ'ן ברעג.

געגען אַ האַלבע שטונדע פאָהרען זיינען מיר אַריין אין אָפענעם ים. אויך אויף דיזען שיף האָבען מיר זיך בעזאָרגט מיט בעקוועמערע קאַיוטעס, און נאָכדעם ווי מען האָט גע־בראַכט אַלעס אין אָרדנונג פאַר נאַכט־לאַגער, האָט מען זיך

צוזעצט אין זאל און אנגעפאנגען פערברענגען. דער הימעל איז נאך אלץ געווען בעדעקט מיט שווערע וואלקענס, און דער רעגען איז וואס אמאל שטארקער געווארען, דאן האט עס מיט אונזער שיפעל געגומען ווארפען און איך האב אנגעהויבען צו פיהלען לא עליכם'דיג. אום אבצושלאגען דאס איבעלקייט האב איך זיך ארויסגעכאפט אויפ'ן פארדעק צו חאפען אביסעל פרישע לופט. די פאלגען פון אזא איבעלקייט זיינען מיר געווען צו גוט בעקאנט נאך פון מיין פאר פינף־יאהריגער רייזע איבער'ן אטלאנטיק. חברה אינוויינינג האבען אויך זיך דערפיהלט נישט יום־טוב'דיג, נור זיי האבען פרובירט זיך לוסטיג מאכען און פערגעסען. דערזעהען מיר אויפ'ן פארדעק זיינען זיי צו מיר צוגעשטאנען איך זאל זיי אונטערהאלטען מיט מיין פידעל שפילען. עס האט נים געהאלפען קיין אפבעטען זיך. יעמאנד האט געבראכט די פידעל פון מיין קאיוטע. איך האב אנגעפאנגען צו פיהרען מיט'ן סמיק איבער די סטרונעס, האט מיר אבער גלייך גענומען שווינדלען אין קאפ און איך בין געווען געצוואונגען זיך ארונטער צולאזען אויפ'ן דיוואן און זיך אנשפארען. אז חברה האבען זיך באמת איבערצייגט, אז מיט מיר איז עס נישט אזוי פרעהליך, האט מען מיר צו רוה געלאזען, און אין 10 מינוט שפעטער, ווען איך האב אויפגעהויבען מיין קאפ, האב איך אלעמען געטראפען שלאפענדיג אין פערשידענארטיגע פאזען, חארכלענדיג ווי די געקוילעטע אקסען.

מיט אונזער גרופע פון ניו־יארק איז מיטגעפאהרען א נידריג־געוויקסיגער אבער דיקער נישט מאוס'ער לעגיאנער, וועלכער איז נאכהער געווארען דער קלאון פון דער גרופע, און דיזער האט פאר די געציילטע שטונדען, וואס ער האט זיך געפונען אויפ'ן שיף, שוין אוספייעט צו שליסען בעקאנטשאפט מיט א קריסטליך־קאנאדישער, נישט מאוס'ער פריילין. יעצט האב איך דיזע פאריל דערזעהן זיצענדיג געארעמט אויף

איינעם פון די דיוואַנען; זי מיט'ן קאָפּ אָנגעשפאַרט אָן דיוואַן און ער מיט זיין קאָפּ אָנגעשפאַרט אויף איהר הויכען בוזים, און ביידע זיינען פעסט געשלאָפען. חאָטש אויפ'ן האַרצען איז געווען קאַלעמוטנע, האָט מיר דיזער בילד געמאַכט שמייכלען...

איך האָב זיך ווידער צוגעשפאַרט, און עס זעהט אויס איינגעדרימעלט, ווייל ווען איך האָב זיך ווידער אויפגעכאַפּט, איז דער זייגער שוין געווען 7 אָוונד, אַלזאָ פון אָוונד־ברויט צייט. די יעניגע וועלכע האָבען זיך נישט געפיהלט צו יום־טוב'דיג זיינען נישט אַרונטער עסען און איך אויך פערשטעהט זיך בתוכם; דאַן איז צוגעקומען צו מיר איינער אַ לעגיאָנער און, זעהענדיג ווי איך ליידע, האָט ער מיר גענומען איינרעדען, איך זאָל עטוואָס אין מויל נעהמען וועט מיר גרינגער ווערען. איך האָב מיר געלאָזט איבעררעדען, און ער האָט מיר זעלבסט געהאָלפען אַרונטער געהען די טרעפּען, צוגעפיהרט מיר צו אַ טישעל אין עסע־זאַל און געהייסען אַ דיענער מיר צוזעהן. איך האָב געבעטען אַביסעל זופּ, וועלכע האָט דוקא גוט געשמעקט. איך האָב אָבער נאָך נישט בעוויזען אַריין צו נעהמען די ערשטע לעפעל אין מויל, ווען עס איז מיר מיט אַמאָל נישט גוט געוואָרען. עס האָט מיר געגעבען אַ שפּאַר אונטערען האַרצען, און האָב זיך קוים מיט די לעצטע קרעפ־טען צוריק געצויגען אין אַ צווייטען חלק פון שיף, און נו! נו!... שטויסט זיך אָן.

באַלד נאָכדעם איז מיר טאַקע לייכטער געוואָרען, גלייך ווי אַ שטיין איז מיר פון האַרצען אַרונטער. איך האָב זיך דאַן אומגעקעהרט אין עסע־זאַל, איינגעלאַדעט דאָס טעלעריל מיט זופּ, און בין אַרויף אין קאַיוטע שלאָפען. עס איז אָבער נישט אַזוי לייכט איינצושלאָפען, ווען מען איז בטבע אַ ליידענדער פון דער זעע קראַנקהייט. יענע גאַנצע נאַכט האָב איך מיט קיין אויג נישט צוגעמאַכט, ערשט אויף פריהמאָרגען האָב איך קוים איינגעדרעמעלט.

אונטערדעסען האָט דער שטורעם און רעגען נאָכגעלאָזען, און ווען איך בין אין דערפריה אַרויס אויפ'ן דעק, האָב איך געטראָפען אַ פּרעכטיגען אָבער קאַלטען פריה־מאָרגען. דער הימעל אַ לויטערער און די זוהן האָט אָנגעהויבען אַרויס צו קריכען פון די וואַסערען פון אַטלאַנטישען אָקעאַן. דאָס בילד איז געווען פּרעכטיג, און שפּעטער אַביסעל האָבען זיך בעוויזען די ברעגען פון קאַנאַדישען האַלב־אינזעל נ אָ ו ו א ס ק אָ ט י א, וועלכע די זוהן האָט יעצט בעגאָסען מיט איהרע גאָלדענע פריה־מאָרגען שטראַהלען.

אַ שטונדע שפּעטער איז די שיף שטעהען געבליבען אין אַ קליינעם האַפען פון דעם אויבענדערמאָנטען האַלב־אינזעל, וועלכער האָט געהייסען י אַ ר מ ו ט ה. מיר זיינען אַרונטער פון שיף, פון וועלכער איך בין געווען איבערגליקליך פּטור צו ווערען, און זיינען גלייך אַוועק צו דער באַהן, וועלכע איז געשטאַנען גרייט אונז צו עמפּפאַנגען אַ הונדערט אוילען ווייט פון ברעג. אין די וואַגאָנען האָט זיך יעדער איינער געמאַכט בעקוועם ווי נור מעגליך, און איינינע מינוט שפּעטער האָט זיך שוין אונזער באַהן געריהרט.

פערביי אונזערע אויגען זיינען פערביי געלאָפען פעלדער, וועלדער, לאָנקעס, טייכען און אָזערעס, מיט וועלכע קאַנאַדא איז אַזוי רייך און געבענשט, אָבער וואָס זעהען אונזערע אויגען? אַ גרויסעס פערשנעעטעס פעלד, אַ פערפרוירענע אָזערע, און קינדער גליטשענדיג זיך אויפ'ן אייז... דאָס האָט אונז שטאַרק איבערראַשט, ווייל ניו־יאָרק האָבען מיר פערלאָזען אין וואַרימליכען זונען־שיין, דער שנעע איז שוין גע־האַט געווען לאַנג צוגאַנגען, וואַרימע דרום־ווינטען האָבען אָנגעזאָגט אַז דער ליעבער פריהלינג איז שוין גאָר־גאָר נאָהענט, און דאָ? אָט האָסטו דיר אַ שנעע און פראָסט. וואָס ווייטער מיר האָבען געררייזט אַלס קאַלטער און ווינטערדיגער איז עס געוואָרען, און ווען נישט די אויוועלאַך אין וואַגאָן

וואָלטען מיר טאַקע פּיליכט געחאַפּט אַ גוטען ציטער. מען האָט זיך אָנגעשטאָפּט יעטוועדער אַזוי וואַרעם, ווי מען האָט נאָר געקאָנט, און מען האָט אָנגעפּאַנגען צו פּערוויילען די צייט אויף אַלערליי אופנים.

פּריהשטיק האָט מען נאָך געהאַט אויפ'ן שיף, און מיטאָג־צייט איז די באַהן שטעהען געבליבען ביי אַ קליינער סטאַנציע און דער נייער סאַרדזאַנט, אַ גוי פון די מיטעלע יאָהרען מיט אַ פּאָאָר ברוינע וואָנצען, וועלכער האָט אונז געהאַט איבער־גענומען אויף זיין פערענטוואָרטליכקייט פון דעם פריהערדיגען, האָט אונז אריינגעיאָגט אין אַ קליינער הייזעל נעבען דער באַהן ליניע, וואו מען האָט שוין געטראָפען טישען אָנגעלייגט מיט ברויט און פּוטער און טהעע, און נעבען די טישען זיינען געשטאַנען עטליכע קאַנאַדער פרויען אין ווייסע פאַרטוכלאַך און געטהיילט יעדען איינעם צו שטיקלאַך עפּעל־קוכען, אַלס פערבייסען. דאָס האָט שוין די רעגירונג געזאָרגט אַז מיר זאָלען אונטערוועגס האָבען אַ בחפזון'דיגען מיטאָג אין 10 מינוטען. מיר זיינען דאַן ווידער געפאָהרען, פערביילויפענדיג אונבע־דייטענדע קליינע סטאַציאָנען און דערפלאַך. ערשט פאַרנאַכט זיינען מיר צוגעקומען צו אַ קליין שטעדטעלע, ביי וועלכער די באַהן איז שטעהן געבליבען, און מען האָט אונז געהייסען פערלאָזען די וואַגאָנען.

## VI.

# אונזערע ערפאהרונגען אין ווינדזאר קאנאדא.

ראָס שטעדטעלע, ביי וועלכער מיר זיינען שטעהען געבליבען, האָט געהייסען ווינדזאָר, אין דעם האַלב־אינזעל נאָוואַ סקאָטיא. דאָס איז געווען דעם 2־טען מאַרטש, 1918, און אַרויסקומענדיג פון די וואַגאָנען האָבען מיר אין דרויסען דערזעהן אַ שטיק 50 בריטישע סאָלדאַטען אין גרינע

אוניפאָרמען אויסגעשטעלט מיט די פנים׳ער צו אונז אין מי־ליטערישער אָרדנונג, און גאָר אין פאָראויס פון דיזער גרופע איז געשטאַנען אהרן אָסטראָווסקי, אויך אין אוניפאָרמע מיט אַ ווייס־בלויען באנער אין האַנד. דיזער איז געווען דער ער־שטער לעגיאָנער אין דעם לאַגער צווישען גוים, און דורך די צוויי וואָכען פון זיין דאָ זיין האָט ער שוין געחאַפּט אַ בענדיל אויפ׳ן אָרעם, וואָס הייסט אַ „לאַנס קאָרפּאָראָל" אויפ׳ן מי־ליטערישען לשון. אונזער חברה לעגיאָנערען נאָך אין ציוויליען, דערזעהענדיג פיליכט צום ערשטען מאָל אַזאַ היבשע צאָל סאָלדאַטען אין בריטיש־קאַנאַדישע אוניפאָרמען, האָבען זיי אויפמערקזאַם בעטראַכט, אָפּמעסטענדיג זיי פון אונטען אַרויף און פון אויבען אַרונטער.

אונטערדעסען האָט מען אונז אויסגעשטעלט צוזאַמען מיט די סאָלדאַטען אין דער געהעריגער מיליטערישער אָרדנונג, נור אַזוי אַז מיר זאָלען אויסקומען הינטער די סאָלדאַטען. באַלד האָבען מיר דערהערט אַ קאָמאַנדע: “Left turn, quick march” נאָך וועלכער די סאָלדאַטען האָבען זיך גע־געבען אַ דרעה אויס לינקס און אָנגעהויבען מאַרשירען אין דער ריכטונג פון דעם שטעדטעל. מיר, די לעגיאָנערען, האָ־בען מאַרשירט אין הינטערגרונד מיט אונזער שעהנער ווייס־בלויער פאָהן. מיט שטאָלץ און מיט שטילער בעגייסטערונג האָבען מיר דאַן מאַרשירט, ווייל אונזער פאָהן האָט אונז אויך אויף קאַנאַדער באָדען בעגלייטעט מיט איהר שטאָלצען פלאַ־טערען. דורכמאַרשירענדיג די שמאָלע געסלאַך פון דעם שטעד־טעל האָבען זיך בעוויזען נייגעריגע אַלטע און יונגע געזיכטער אין די טהירען פון די קליינע צוויי־שטאָקיגע הייזלאַך פון שטעדטעל, פאָכענדיג דערביי צו אונז מיט קאַנאַדער און אַמעריקאַנער פעהנדלאַך.

מיר האָבען אַזוי מאַרשירט אַ 15 מינוט ביז מיר זיינען שטעהן געבליבען ביי דער 2־טער זייט פון שטעדטעל, נעבען

אַ אַלטער געביידע אין מיטען פֿעלד, וועלכעס האָט מיט זיך פֿאָרגעשטעלט אונזער ציוויליזירטע ציימוויילינגען באַראַק. דאָס איז געווען אַ אַלטע 3־שטאָקיגע געביידע (אַ געוועזענע מיהל־הויז) מיט צובראָכענע פֿענסטער, שוואַרצע הילצערנע ווענד מיט אַ רעשט פֿון עטליכע אייזערנע שרויבען. מיר האָבען דאָ געפֿונען 2־שטאָקיגע קאיקעס צוזאַמען־געקלאַפּטע פֿון איינפֿאַכע ברעטער, וועלכע זיינען געווען די צוקונפֿטדיגע בעטען פֿאַר די נייע רעקרוטען. אַרום 30 שטיק אַזעלכע קאיקעס זיינען געווען אויסגעשטעלט אויפֿ׳ן 2־טען און 3־טען שטאָק, און זיי האָבען מיט זיך פֿאָרגעשטעלט די שלאָף צימערען. אויפֿ׳ן ערשטען שטאָק גלייך אונטען, האָט זיך געפֿונען אַ קיך, אַ עסע־צימער, אַ שטיקעל לעזע־צימער, אַ וואַש־צימער, אַ שפּריץ־באָד און להבדיל אַ וואַסער־קלאָזעט.

אַלזאָ מען האָט דאַן געהייסען אַרויף געהן צום דריטען שטאָק. מיט גרויסע געפּעק איז דאָס געווען נישט קיין גרינגע שטיקעל אַרבייט, וועהרענד מען איז נאָך דערצו געווען אַזוי ערשעפּט און אויסגעמאַטערט פֿון דער רייזע. ווען מען האָט ענדליך זיך דאָך מיט מיהע אַרויפֿגעשלעפּט, האָט יעטוועדער פֿערהאַפּט אַ פּאַסיגע קויקע (אַ קויקע האָט געדינט פֿאַר יעדע 4 פּערזאָן, צו צוויי אויף יעדען שטאָק פֿון דער קויקע) אַריינגעשליידערט אַהין די קלומיקעס און זיך צוגעזעצט אָפּצוכאַפּען דעם אָטהעם. דאָס איז געווען אָנפֿאַנג אָווענד, און שוין שטאַרק הונגעריג, האָט מען אונז באַלד אַרונטער געטריבען אונטען, צושטעלט אונז אין אַ לאַנגע שורה איינער הינטער דעם צווייטען, אום צו קריגען געשיער און עסען נאָך דער רייהע נאָך. עס איז פֿאַר אונז געווען גאָר אַ בייעס. יאָ! קלער איך, מען מוז זיך געוויינען צו דיזען סאָרט פֿערהאַרטעטען לעבען, וועלכען מיר אַלע האָבען אָנגענומען פֿרייוויליגערהייד. ווען מיין רייהע איז געקומען האָב איך פֿון אַ שמוציגען טיש, אויף וועלכען עס זיינען געלעגען אָנגעוואָרפֿען אין גרויסער אונאָרדנונג,

טעלער, טעפּלאַך, לעפּעל, מעסערס, גאָפּלען, מיט נישט ווייניג שמוץ און זשאַווער אין זיי, אָפּגעקליבען מיין געשיר, אין וועלכער אַ שמוציגער גוי׳אישער סאָלדאַט האָט אַריינגעגאָסען אין דעם טעלער אַביסעל נישט־זויבירע זופּ מיט פּלייש. אַ צווייטער סאָלדאַט האָט אָנגעשעפּט פון אַ אומגעלומפּערט גרויסען קופּערנעם קעסעל אַביסעל שוואַרצע קאַפּע, און עס אַריינגעגאָסען אין מיין טעפּעלע, און אַ 3־טער סאָלדאַט שוין אַ ריינערער איז געשטאַנען ביי דער זייט און געטהיילט יעדען צו צוויי נישט צו דיקע פּענעצלאַך ווייסע ברויט און פּוטער, וועלכע האָבען געקאָנט קלעקען אויף איין צאָהן... בענדעל־דיגע טשינאָווניקעס (בעאַמטע), וועלכע זיינען פול געווען אין אַלע ווינקעלאַך פון עסע־זאַל, האָבען געהאַלטען די אָרדנונג, אָנצייגענדיג אונז ערשטענס זיך־פּלעצער ביי די 3 לאַנגע, צוזאַמענגעקלאַפּט פון ברעטער, טישען, וועלכע זיינען געשטאַנען אין דער ברייט פון עסע־זאַל, אַזוי צו זאָגען. ווען אַ ניו־יאָרקער ציוויליער זאָל דאַן אַ בליק טהאָן אויף די אויסגעזעצטע מענשען, וועלכע האָבען געקלונגען מיט די עסע־וואַפּען, קייענדיג דערביי אויף ביידע באַקען, וואָלט ער זיכער געמיינט, אַז דער קאָמוניזם אויף דער גאַנצער וועלט איז שוין מעהר קיין חלום...

דאָס איז געווען אונזער ערשטער אמת׳ער מאָהלצייט, נאָך וועלכען מיר האָבען זיך טאַקע געפּיהלט קרעפּטיגער. געענדיגט עסען איז מען צוריק אַרויף אויבען, און 8 אוהר אָוועגד האָט מען אונז ווידער צושטעלט אין אַ שורה אונטען. דיזען מאָל האָט מען ביי יעדען צוגענומען די גרינע קאַרטען, פּערצייכענט די נעמען און יעדען געגעבען אַ געוויסען נומער, דאָס הייסט פון יעצט אָן און ווייטער וועל איך זיין בעוואוסט אַלס סאָלדאַט נומער 2695 (דאָס איז אגב טאַקע געווען מיין ריכטיגער נומער דורך דער גאַנצער צייט פון מיין דיענסט), גאָר ווי אַרעסטאַנטען להבדיל. קורץ נאָך דעם זיינען מיר אַ



מעדאַלען און מיליטערישע צייכענס פֿון די אידישע באַטאַליאָנען.

דריטען מאָל אין דער רייהע געשטאַנען און יעטוועדער האָט געקראָגען צו 2 קאָלדרעס, וועלכע האָבען געדאַרפט דיענען אַלס קאָלדרע, קישען און פערענע צוזאַמען. 9.30 דעם זעלבען אָווענד האָט שוין יעדער געמוזט ליגען אין זיין קויקע און 10 אוהר איז די עלעקטרישע ליכט פון באַראַק אויסגעלאָשען געוואָרען, און על פי מיליטערישען דין האָט מען געדאַרפט שלאָפען און קיין פיפס זאָל נישט געהערט ווערען...

מילא אַלע פריהערדיגע בעפעהלען זיינען אויסגעפיהרט געוואָרען גאַנץ פינקטליך, אָבער נישט ביי אידען פועל'ט מען אַזוי שנעל מען זאָל זיך לייגען בחברותא און ליגען און שווייגען, ווער רעדט נאָך ווען עס איז דאָ אַזאַ געלעגענהייט איינער פאַר'ן צווייטען אויפצועפענען זיין האַרץ און אויסגיסען אַלעס וואָס דאָרט האָט זיך אָנגעזאַמעלט אין די לעצטע 48 שטונדען, און אַזאַ געזינדעל קיין עין הרע אַז זיי האָבען אויפגעעפענט זייערע פיסקעס אַלע פאַר אַמאָל (ווי עס פיהרט זיך ביי אחינו בני ישראל) איז טאַקע געווען ממש הימעל עפען זיך...

אויף יעדער אָפטהיילונג סאָלדאַטען ווערען בעשטימט אַ געוויסע צאָל בענדעלדיגע בעאַמטע. און אויך ביי אונז האָט זיך געפונען אַזאַ הויכער רויט־האָריגער בחור'ל פון אַמעריקאַניש־אידישער אָפשטאַמונג, אַ 2 בענדעלדיגער איז ער געווען אָדער ווי עס הייסט פראָסט אויפ'ן סאָלדאַטסקען מאַמע־לשון אַ „פולער קאָרפאָראָל”, דיזער אַלזאָ איז געווען אונזער משגיח. דערהערענדיג דאָס געמורמעל האט ער זיך אויפגעהויבען פון זיין געלעגער און אַרומגעגאַנגען אַלע געלעגערס און געהייסען זיין שטיל אויב מיר ווילען זיך ניט אויסבעטען אַ פינסטערען און ביטערען יאָהר... אָבער אידען עקשנים, פאַנגט מען אָן אויף צו להכעים נאָך שטאַרקער צו טומלען. דאַן ערשיינט אויף דער סצענע אַ 3־בענדעלדיגער גוי'אישער „קאָמאַנדיר (איין סאַרדזאַנט הייסט עס) און פאַנגט אָן צו דבר'ן מיט זיין גוי'אישער שטימע בזה הלשון:

I will put you all in the klink if you won't keep quiet.
אויף פראָסט מאַמע־לשון הייסט עס „איך וועל אייך אַלעמען פּערזעצען אין קלינק, אויב איהר וועט ניט אַנטשוויגען ווערען". וואָס פאַר אַ מין בריאה אָדער אַנדער מין דאָס קלינק איז געווען, האָט קיינער פון אונז זיך ניט געקענט משער זיין, צוואר האָבען מיר זיך געקענט אָנשטויסען אַז אַ צו אָנגענעהמענע זאַך איז דאָס קלינק געווים נישט, ווען מען סטראַשעט דערמיט. ערשט איינינע טעג שפּעטער האָבען מיר זיך דערוואוסט אַז קלינק אויפ'ן סאָלדאַטסקען לשון הייסט נישט מעהר און נישט וועניגער ווי אַ פראָסט פשוט'ע „חד גדיה" אָדער אַרעסטאַנטען הויז פאַר פּערזינדיגטע סאָלדאַטען. קורץ, אויך דער לעצטער האָט ביי אונז קיין ערפאָלג געהאַט און האָט נעבאַך זיך אויך צוריק געצויגען אַ בעזיגטער. ערשט אַרום 11 ביינאַכט האָט אַלעמען דער שלאָף בעזיגט, טראָץ די האַרטע ברעטער און דאָס ווייניגע אונטערבעטען צו וועלכע מען האָט ערשט געדאַרפט זיך צוגעוויינען.

6 פריה קומענדען מאָרגען האָט פלוצלינג דער רויט־האָריגער אידישער קאָרפּאָראָל געגעבען אַ פייף, אַלס סיגנאַל מען זאָל אויפשטעהן. באַלד איז מען געשטאַנען אויף די פיס אָנגעטהאָנענע. זיך אָפּגערייניגט, אַרום געוואַשען, אָפּגעראַזירט זיך, איז מען געגאַנגען פריהשטיק עסען. ווידער די סדרה פון שטעהען אין דער רייהע פאַר די פּאָרציעס, ווידער שמוציגעס געשיער, דערזעלבער אומגעלומפּערט גרויסער קעסעל און שמוציגער סאָלדאַט, אָבער דיזען מאָל האָט שוין יעטוועדער געמוזט האַלטען זיין געשיער ביי זיך, זיי רייניגען נאָך יעדען עסען און זיי אָפּהיטען ווי זיין אייגענס. נאָכ'ן עסען האָט אונז דער קאָרפּאָראָל געצייגט ווי אַזוי צו מאַכען אונזערע געלעגערס אין שעהנער אָרדנונג. 8 אוהר איז ביי אונז דער שלאָף־צימער געווען אין דער בעסטער אָרדנונג און צושטעלט יעדער ביי זיין געלעגער.

אַ פלוצליכער פֿייף! אַ געשריי Attention (עס הייסט מען זאָל זיין אויפֿמערקזאַם), און איבערן שוועל פֿון אונזער שלאָף־צימער טרעט אַריין אונזער מיליטערישער מאַיאָר, אַ מיטעל־געוויקסיגער, דיקליכער, עלטערער מאַן, מיט גרויסע גרויע וואָנצען, שעהנע געזיכטסציגע מיט טיפֿע קנייטשען אויפֿ'ן שטערען. דאָס איז געווען מאַיאָר וואָקלעי (אַ וואווילער גוי געווען). נאָך איהם האָט געפֿאָלגט דער קאַפּיטאַן, אַ הויך־געוויקסיגער אַנגלאָ־זאַקס מיט ברוינע וואָנצען און טיפּיש־גוי'אישע געזיכטסציגע, און הינטער די צוויי האָט זיך גע־שלעפּט אַ גאַנצע רייהע פֿון משרתים, יוצר משרתים ואשר משרתים. אָט די אַלע אויסגערעכענטע האָבען דורכמאַרשירט די צימערען, בעטראַכטענדיג די אָרדנונג און אַגב די נייע־אָנגעקומענע רעקרוטען, וועלכע דער מאַיאָר האָט טאַקע באַלד דערויף אַדרעסירט און אונז געגעבען זיין „ווילקאָמען".

ווי עס האָט אויסגעזעהן האָבען מיר אויף איהם געמאַכט אַ גוטען איינדרוק, און ווען זיי זיינען שוין געווען אויף יענער זייט טהיר איז געוואָרען אַ שרעקליכער געפילדער אין צימער, ווער עס האָט נאָר געהאַט אַ מויל האָט געהאַט עטוואָס צו זאָגען. דער בעקאַנטער קאָרפּאָראָל איז אָבער באַלד צוריק געקומען און געמאַכט אַ ענדע צו די אַלע ריידערייען, אָנ־צייגענדיג דערביי אַז מיר זאָלען בעסער שטודירען דאָס טאַגעס פֿעראָרדנונג, וואָס איז אויפֿגעשריבען אויף פּאַפּיר אויף איינע פֿון די ווענד, וועלכע האָט געלויטעט: אויפֿשטעהן 6 פֿריה, 7 מוזען שוין אַלע זיין אָנגעטהאָן, אַרומגעוואַשען, אָפּגעראַזירט און געפֿריהשטיקט. אינספּעקציאָן 8 אוהר. פּאַראַד פֿאַר פֿי־זישע איבונגען פֿון 9 ביז 11 מאָרגענס. 12 מיטאָג פּאַראַד. 5 פֿאַרנאַכט אָווענד־ברויט. 9.30 אָווענד בעט פּאַראַד, און 10 אָווענד ליגען אין די בעטען, אויסלעשען די עלעקטריק און שאַ שטיל פּאַראַד. הכלל, פּאַראַד! פּאַראַד! פּאַראַד! און וואו עס איז געווען אַ פּאַראַד דאָרט האָט געפֿאָלגט אַ שטעהען

אין דער רייהע, און באַלד טאַקע נאָך דעם זעלבען פריה־מאָרגען האָט מען מיט אונז אָנגעפאַנגען צו „פּאַראַדעווען"...

ערשטענס האָט יעטוועדער פון אונז געקראָגען צו לעפעל, מעסער און גאָפעל, וואָס איז פון יענעם מאָמענט אָן געוואָרען זיין פריוואַט אייגענטהום זאָ לאַנג מיר וועלען פערבלייבען סאָלדאַטען, דאַן האָבען מיר פּאַראַדירט פאַר פיזישע איבונגען אונטער דער קאָמאַנדע פון אַ קאַנאַדיש־מיליטערישען לעהרער. נאָך מיטאָג האָבען מיר ווידער פּאַראַדירט, דיזען מאָל אָבער האָט מען אונז געדאַרפט שטעלען פּאָקען, און אַריינלאָזען אַ געגען־חאָלעריאַ פליסיגקייט אונטער דער ברוסט. אַזאַ פּאַראַד גרייליך איז מיר שוין נישט שטאַרק געפעלען געוואָרען. וואָס העלפט עס אָבער? מען צושטעלט זיך אין דער רייהע און מען וואַרט. ווען עס קומט צו מיין רייהע דרעה איך אָפ מיין קאָפ אום נישט צו זעהען, ווי דער דאָקטאָר קראַצט דאָרט אויף מיין אָרעם. געענדיגט, געה איך אַרוים צוריק פון צימער. מיין בליק פאַלט אויף דער וואַרטענדע רייהע פון יונגע־לייט מיט בלוט־פערפלעקטע אָרעמס, און האָפ! ... אין זעלבען אויגענבליק בין איך געלעגען אויסגעצויגען אויף דער ערד אין מיין גאַנצער גרויס. אַ מיש־מאַש פון געפיהלען, געדאַנקען און פאָרשטעלונגען האָב איך דורכגעלעבט אין בלויז עטליכע סעקונדען, און ווען איך האָב געעפענט די אויגען, איז נעבען מיר געשטאַנען דעם דאָקטאָרס געהילף און מיר געריבען די שלויפען, (דאָס איז געווען חלשות, וועלכע פלעגט מיר אָנחאַפּען ווען איך פלעג דערזעהען בלוט).

באַלד איז מיר בעסער געוואָרען און בין אַוועק...צו מיין צווייטער אָפּעראַציאָן. אַ שטאָך מיט אַ קליין נאָדעלע אונטערען ברוסט וועלכען איך האָב קוים געפיהלט, בין איך מיר גלייך אַרויף אויבען, מיינענדיג אַז דאָס ערגסטע האָבען מיר שוין אַדורך געמאַכט, איך האָב זיך אָבער צו פריה געפרעהט, ווייל ערשט אַ שטונדע נאָכ'ן שטעכען האָט די פליסיגקייט אָנגע־

פאנגען צו ארבייטען. די ברוסט האט אנגעפאנגען צו שמערצען, און ביסלעכווייז געשוואלען צו ווערען. איך האב דאן צורעכט געמאכט מיין געלעגער און זיך צוגעלייגט, מיינענדיג אז עס וועט שנעל פאראיבער. איך בין אבער שוין געצוואונגען געווען צו בלייבען אויך ווייטער אויף מיין געלעגער. שלאפען איז געווען אונמעגליך. קורץ, 3 טעג מיט 3 נעכט בין איך געלעגען מיט א שטארק־געשוואלענע ברוסט, נישט קאנענדיג ריהרען מיט קיין גליד, און ליידענדיג דערביי אונבעשרייבליכע יסורים און וועהטאגען, וועלכע מיין ערגסטען שונא וואלט איך זיי נישט געוואונשען...

ערשט אויפ׳ן 4־טען טאג האב איך מיר דערפיהלט עטוואס לייכטער, און זיך מיט מיהע ארונטער געשלעפט פון מיין געלעגער, איז דאך אבער גאט א פאטער, וואס זשע טהוט ער? שיקט ער אן מיט א נאכט פריהער א שוידערליכען פראסט אין דעם שוין אזוי אויך צובראכענעם באראק, אזוי אז מיר זיינען אלע אויפגעשטאנען בוכשטעבליך דורכגעפרוירענע ביז׳ן ביין. וואס פאר א מינים מיטלען האט מען דאן נישט פרובירט אונז אנצוווארעמען, ביז ענדליך איז מען דערגאנגען דעם ארגינעלסטען מיטעל דערצו, נעמליך: מען האט אלעמען ארונטער געטריבען אונטען, אין עסע־צימער הייסט עס, מען האט צורוקט די טישען אין די זייטען אום צו מאכען פלאץ און מען האט אונז געהייסען זיך האצקען לויט ווי יעדער פערשטעהט אם בעסטען...עס איז געווען א אמת׳ע טראגי קאמעדיע אנצוקוקען ווי חברה האלטען זיך ביי געשוואלענע ברוסטען און האצקען זיך ווי די משוגעים. דאס איז אבער געלונגען און אזוי ארום האבען מיר זיך באמת דערווארעמט. יענער גאנצער טאג איז געווען א שרעקליך־קאלטער און שנעאיגער.

דעם זעלבען פארנאכט האט מען שוין אנגעפאנגען צווישען אונזערע לעגיאנערען פערטהיילען אוניפארמען אויף וועלכע אלע האבען שוין ארויסגעקוקט מיט זיבען אויגען. צו מיין

אוניפאָרמע האָב איך זיך ערשט דערשלאָגען אויף מאָרגען, מיט דער געהעריגער גאַרדעראָבע, וואָס אַ סאָלדאַט דאַרף קריגען. מען האָט מיר אויסגעפוצט ווי אַ חתן-בחור, און אַ קוק געבענדיק דאַן אין שפּיגעל האָב איך פון זיך אַליין פיעל נחת געקליבען און פון גליק בין איך געוועזן ממש אויפ'ן 7-טען הימעל.

VIII.

# דאָס ערשטע מאָל אויף מיליטערישער וואַך.

דאָס איז געווען אין אַ קאַלטען דאָנערשטאָג פון 7-טען מאַרטש, 1918. אַז חברה האָבען פון זיך אַרונטער געוואָרפען די ציווילע קליידונג, איז נאָך אַ לענגערען ישוב הדעת געבליבען מען זאָל די קליידער אַוועק שיקען פאַר דער „הדסה" אום עס אָפּצושיקען פאַר דער שטאַרבענדער בעפעלקערונג און מלחמה ליידענדע פון נאָהענטען מזרח. מען האָט זיך טאַקע באַלד גענומען פלייסיג צו דער אַרבייט, און 3 גרויסע קאַסטענס מיט ווערטהפולע קליידונג זיינען פערפּאַקט געוואָרען און אָפּגעשיקט געוואָרען מיט אַ מאַן צו דער באַהן נאָך ניו-יאָרק.

אַז מען האָט אונז ענדליך אויסגעשטאַטעט אין די מיליטערישע אוניפאָרמען, האָט מען אונז אָנגעפאַנגען מאַכען פאַר סאָלדאַטען ווי אין פסוק שטעהט. ערשטענס האָט יעטוועדער געמוזט זיך אויסלערנען צו שטעהן צו attention, עס הייסט זיין אויפמערקזאַם אין דער געגענוואַרט פון העכערע בעאַמטע, אַוועק שטעלענדיג זיך דערביי ווי אַ גולם, נישט ריהרענדיג זיך דערביי מיט קיין גליעד. פון 2 רייהען האָבען מיר אין איינינגע סעקונדען געמוזט קאָנען מאַכען 4 רייהען, דאַן האָט מען אונז געוויזען די רעגעלען פון הויבען די האַנד צום דאַטשעק פון היטעל, עס הייסט סאַלוטירען אָפיצירען, אויך האָט מען אונז געלערענט צו מאַרשירען אין טראָט און טאַקט. צו דיזען צוועק האָט מען אונז איינינגע מאָל געפיהרט מיט מוזיק אין אָפענעם

פעלד אַריין. דיזע און נאָך ענליכע למודים האָט מען אין אונז אַריין געקלאַפּט טאָג־איין טאָג־אויס פאַר די גאַנצע 3 וואָכען, וואָס מיר זיינען געשטאַנען אין ווינדזאָר, דאָס איז אָבער געווען נול (0) אין פערגלייך מיט דעם, וואָס מיר האָבען נאָך געהאַט צו ערלערנען אויף יענער זייט ים...

אויך אונזערע גייסטיגע בעדערפֿנישען זיינען פערזאָרגט געוואָרען דורך אונזער אַ ערוועהלטען לעגיאָנערען קאָמיטעט, וועלכער האָט זיך באַלד געשטעלט אין פערבינדונג מיט ניו־יאָרק, וועלכע האָט אונז צוגעשיקט אַלערליי אידישע, העבּ־רעאישע און ענגלישע צייטונגען, זשורנאַלען ווי אויך ביכער צום לעזען, אָבער פאַר דעם האָט מען אויך געמוזט וואַרטען אין דער רייהע, מחמת עס איז נישט געווען גענוג לעזע־שטאָף פאַר אַלעמען. דער זעלבער קאָמיטעט פלעגט אויך פעראַנשטאַלטען דורך אייגענע קרעפטען קאָנצערטען און אַלערליי אונטערהאַלטונגען, און אין אַזעלכע אָווענדען פלעגט מען טאַקע גוט פערברענגען. אַלע אָווענד נאָך די איבונגען פלעגען זיך חברה פערקלייבען אין לעזע־צימער, ווער עס האָט זיך אַוועקגעזעצט לעזען, ווער אַ קערטיל מאַכען און ווער צו שפּילען דאָמקעס אָדער שאַך, אָדער גאָר שרייבען בריעף אַהיים... יעדען שבת פלעגען מיר פּאַראַדירען אונטער דער קאָמאַנדע פון אידישען קאָרפּאָראַל נאָך די קלאַב־צימערען פון דער שטעדטעלדיגע Y.M.C.A, וועלכע איז אַ גאַנצע וואָך געווען אַ פערוויילונגס־פּלאַץ פאַר אַלערליי סאָלדאַטען, און שבת פריה איז עס פערוואַנדעלט געוואָרען אין אַ שוהל פאַר אונז לעגיאָנערען.

אין שטעדטיל גופא זיינען מיר שנעל פּאָפּולאַר געוואָרען אַלס די רעקרוטען פון אַ ספּעציעל אידישען רעגימענט, און אגב טאַקע דערפאַר וואָס מיר פלעגען געבען גוט צו לייזען און טאַקע אויך צוליב אונזערע מוזיקאַלישע קרעפטע, וועלכע זיינען געווען פּראָפּאָרציאָנעל גוט פערטראָטען אויף אַלע

קאָנצערטען, וואָס דאָס מיליטערישע און ציווילע ווינדזאָר פלעגט פאַראַנשטאַלטען.

ביי אונז אין באַראַק אויפ׳ן 2־טען שטאָק זיינען איינ־געשטאַנען אַ גרויסע צאָל סתם גוי׳אישע סאָלדאַטען, מיט וועלכע מיר האָבען אין אַלגעמיין קיין צו גרויסע מגע ומשא נישט געהאַט, אַ חוץ וואָס מיר פלעגען בלויז זיך צוזאַמענ־קומען ביי די טאָג־טעגליכע איבונגען, און מיר האָבען געפיהרט אויף אַ קליינעם מאסשטאַב אַ איינהייטליכען זעלבסטשטענדיגען אידיש־נאַציאָנאַלען לעבען. צווישען אונזערע קריסטליכע קאָ־לעגען האָבען זיך געפונען אַ היבשע צאָל איירישע רעקרוטען, אַנטיסעמיטען, און זיי פלעגט עס שטאַרק קרענקען ווארום מען שענקט אונז אידען אַזוי פיעל אויפמערקזאַמקייט, פריינד־ליכקייט און רעספעקט, זאָגאַר די שעהנסטע מיידלאַך פון שטאָדט פלעגען אונזערע בחורים ביי זיי צונעהמען פון אונ־טער זייערע נעזער. זעלבסטפערשטענדליך אַלזאָ אַז זיי האָבען זייער גאַל געגען אונז אַרויסגעצייגט וואו און ווען זיי האָבען נור געקאָנט.

אַ געוויסען אָוועגד איז פאַראַנשטאַלט געוואָרען אַ הענד־געפעכט צווישען איינעם אַ אונזעריגען און אַ זייעריגען. וועטס זיינען געגאַנגען אויף צעהנדליגער און צוואַנציגער דאָלאַרען, פערשטעהט זיך געגען אונזעריגען; אַזוי זיכער זיינען זיי געווען מיט זייער זיעג, ווייל זייעריגער איז טאַקע געווען אַ ריעז געגען אונזעריגען. ווען ענדליך אָבער איז דאָך אונזערער אַרויס דער זיעגער, האָבען זיי ממש די ערד געריסען פון פערדרוס, ווייטאָג און שאַנדע, אָבער נישט ווילענדיג האָבען זיי פון דאַן אָן געקראָגען פאַר אונז מעהר אָבשיי און רעספעקט, און מיר האָבען, ווי עס דריקט זיך אויס דער אַמעריקאָנער, „געטראָגען די שטאָדט ווינדזאָר”...

כמעט די גאַנצע 3 וואָכען וואָס מיר זיינען געשטאַנען אין ווינדזאָר איז דער וועטער געווען אַ פראָסטיגער און

שנייאיגער. אַלע טאָג זיינען אַרויסגעלאָזען געוואָרען פון מייד־זאָרם קאַנצעלאַריע די פאָראָרדנונגען פאַר׳ן טאָג, און אין וועלכע עס פלעגט בעשטימט ווערען ווער עס דאַרף זיין היינטיגער צימער פּאָליציימאַן, פייער וואַך, אויסערליכע וואַך א.ד.ג. מאַנכע פון די אונזעריגע האָבען דורך דער קורצער שטיקעל צייט דורכ־געמאַכט אַלע פליכטען צוזאַמען, מיר אָבער האָט דער מזל צוגעשפּיעלט, און בין בלויז איינמאָל פאַר דער גאַנצער צייט בעשטימט געוואָרען פאַר דער אויסערליכע וואַך, און געדענק נאָך היינט צוטאָג גאַנץ גוט מיינע שטימונגען און געפיהלען זייענדיג דאָס ערשטע מאָל אויף מיליטערישער אויסערליכער וואַך...

דעם טאָג איז געווען אַ שנעע שטורם, און נאָך אין דער פריה האָט מען מיר געהייסען זיך צוגרייטען פאַר אויסער־ליכער וואַך. איך האָב זיך אַלזאָ אָפּגעראַזירט, אַרומגעוואַשען, אָפּגעפּוצט די קנעפּלאַך פון מונדיר און שינעל, אָפּגעפּוצט מיינע שיך און בין געווען גרייט צו טהאָן מיין מיליטערישע פליכט. 6 פאַרנאַכט האָט זיך די וואַך געביטען. מיר, די נייע וואַך, זיינען בעשטאַנען פון 3 גוים און 3 אידען, און מיר מיט איין גוי איז אויסגעקומען צו זיין פון דער ערשטער וואַך־אָפּ־טהיילונג פון 6 ביז 8 אָוועגד.

מיין וואַך־פּאָסטען איז געווען גראַדע די זייט וועלכע קוקט אַרויס אין אַ אָפענעם פעלד, אין וואַלד אַריין, מאַרשי־רענדיג הין און צוריק פון וואַך־הויז ביז די פלעקער אַ 100 אוילען אַוועק, וועלכע פלעגט מיט זיך פאַרשטעלען די גרעניץ פון באַראַק. מיין אַרבייט איז בעשטאַנען פון וואַכען, זעהען און הערען. ווען איך פערדעכטיג עטוואָס אויסערגעוועהנליכעס מוז איך באַלד מאַכען אַ רעש און אַרויסרופען די איבעריגע וואַך־אָבטהיילונג מיט דעם אויסגעשריי (אין ענגליש) Guard turn out. נאָך 10 אָוועגד זאָל איך אָפּשטעלען יעדען וואָס געהט דורך מיין פּאָסטען מיט אַ געוויסען פּאַסיר וואָרט. אַלזאָ די

ערשטע צוויי שטונדען פון מיין וואך איז נישט געווען אינטע־רעסאנט, מחמת עס איז נאך געווען גוט ליכטיג. (דער מילי־טערישער שולחן ערוך הייסט, אז יעדער וואך־מאן דארף דורך זיינע 24 שטונדען פון אויסערליכער וואך־פליכט שטעהען 2 שטונדען אויף וואך און 4 שטונדען רוהען), אבער פון 12 מיט־נאכט ביז 2 פארטאג האב איך ווידער געמוזט פערנעמען מיין וואך־פאסטען.

די נאכט איז געווען שטאק פינסטער, דער שנעע האט געשלאגען אין פנים אריין און דער ווינד האט געפייפט פון אלע זייטען. פון קינדוואייז אן, נאך וויינענדיג אויפ׳ן דארף, פלעג איך האבען א אינסטיקטיווען פחד פאר דער מיסטעריעזער פינסטערער נאכט, און דא בין איך דאס ערשטע מאל אין מיין לעבען געשטאנען איינער אליין מיט׳ן פנים צו א וויסטעם טויטעם פעלד אין פוסטען וואלד אין דער פינסטערער נאכט אריין, און מיין גאנצעס וואפען איז דאן געווען א קליינער דינער שפאציר שטעקעלע און מיין ארמעע מעסער... אזוי האב איך זיך ארום געדרעהט הין און צוריק אויף מיין וואך־פאסטען, אנשטרענגענדיג מיינע אויגען אין דער פינסטער, און אנשפי־צענדיג מיינע אויערען צו יעדען שארך פון דער נאכט. יעמאנד גיט א הוסט אין שלאף פערזונקענעם באראק און איך גיב זיך אינסטינקטיוו א טרייסעל, טהו א טאפ מיין מעסער, איך גורט זיך אן די לענדען, נעהם אן פעסטער דאס שטעקעלע און נעהם מארשירען ווייטער. איך בין דא צוואר געווען זיכער פון א דייטש אדער א טערק, דאך האט מיר בעהערשט א טיפער פחד, און ווי א איד קוקט אוים אויף משיח׳ן אזוי האב איך שוין אויסגעקוקט אויף דער מינוט, ווען מען וועט שוין מיר קומען בייטען.

אזוי מארשירענדיג בעמערק איך פון ווייטען 2 געשטאלטען דערנעהענטערענדיג זיך צו מיין פאסטען. מיין פאסיר ווארט האב איך נאך פריהער גוט איינגעשטודירט, און ווען זיי זיינען



אָפּיצערען פֿון 39-טען אידישען באַטאַליאָן אין לאַגער העלמיע, קאירא, אויגוסט 1918

געווען נאָהענט גענוג האָב איך אַ געשריי געטהאָן: Halt! who goes there! עס הייסט: „האַלט! ווער געהט דאָרט!" אויף וועלכען איינער פון די געשטאַלטען האָט באַלד געענט־פערט (אויך אין ענגליש געוועהנליך) „אַ פריינד". די ווייטער־דיגע פאַסיר ווערטער אָבער האָב איך אין גאַנצען פערגעסען, און האָב געמיינט אַז איך בין שוין יוצא און דערביי געוואָלט אַוועק מאַרשירען, ווען איך האָב דערהערט אַ בעפעהלענדע שטימע, וועלכע האָט מיר געהייסען זאָגען: Advance to be recognised! עס הייסט: „קום נעהענטער אום ערקענט צו ווערען!". איך האָב עס געוועהנליך נאָכגעזאָגט וואָרט און וואָרט, ווי אַ קינד זאָגט נאָך דער מאַמען די ברכה, און דאַן צוקוי־מענדיג נעהענטער האָט מיר ווידער די שטימע בעפוילען צו זאָגען: Pass friend and all is well עס הייסט: „געה דורך פריינד און אַלעס איז אין אָרדנונג". ערשט נאָך דיזער פראָ־צעדורע זיינען די 2 געשטאַלטען פערשוואונדען געוואָרען אין באַראַק. שפעטער האָב איך זיך דערוואוסט אַז דאָס זיינען געווען אַ גוי'אישער סאַרדזשאַנט מיט אַ קאָרפּאָראַל, וועלכע האָבען געהאַט זיך צוריק געקעהרט פון אַ שפעטיגער הוליאַנקע אין שטעדטעל, און דערזעהענדיג אַ גרינעם אויפ'ן פאָסטען האָבען זיי מיט איהם געמאַכט אַביסעל שפּאַס, אין דער אמת'ן אָבער איז עס לויט דעם סאָלדאַטסקען שולחן ערוך גאָר קיין שפּאַס נישט געווען, און איך האָב מיר טאַקע גוט געשעהמט פאַר דעם טעות וואָס איך האָב געמאַכט, פערגעסענדיג דאָס ווייטערדיגען פאַסיר וואָרט...

קורץ נאָך דעם האָט מען מיר געביטען. איך בין אַריין אין וואַך־הויז, מיעד און שלעפעריג בין איך געווען האָב איך זיך אַ וואַלגער געטהאָן אויף די פאָר קאָלדרעס, וועלכע זיינען געלעגען אויסגעשפרייט אויף איינציגע ברייטע ברעטער און בין אָפּגעשלאָפען ווי אַ דערהרג'עטער מיינע 4 שטונדע ביז 6 פריה. אָט אַזוי האָט געפיהלט אַ „אידישער לעגיאָנער" דאָס

ערשטע מאָל אויף דער וואַך, אָבער נישט אין פראַנקרייך און נישט אין ארץ ישראל, זאָנדערען אין ערגיץ אַ שטילינקען ווינקעלע פון אַ פערשלאָפענעם שטעדטעלע אין קאַלטען קאַנאַדא, ווייט ווייט אַוועק פון פערניכטעטען מלחמה פייער.

די צייט האָט זיך גערוקט זעהר לאַנגזאַם. דער פלאַץ איז אונז שוין דערעסען געוואָרען, און מיר האָבען שוין אויסגעקוקט מיט 7 אויגען פאַר דער שטונדע און מאָמענט ווען מיר וועלען שוין לאָזען דעם באַראַק מיט דאָס שטעדטיל הינטער זיך. אַ וואָך פאַר אונזער אָברייזען האָט מען אונז נאָכאַמאָל אַריינגעלאָזען אַ אונטער־הויטיגע פליסיגקייט, דיזען מאָל אָבער אין אָרעם, אויך דאַן האָט מען בעשטימט פון די אונזעריגע אַ היבש ביסעל נייע בענדעלדיגע טשינאָווניקעס. אַזוי אַרום זיינען עולה לגדולה געווען איינער אַ י. ל. ק. וועלכער איז געווען אונזער גאַנצער מיליטערישער כל ולך ביז מיר זיינען געקומען קיין פלימוט, ענגלאַנד. דיזער אַלזאָ האָט געקראָגען 3 בענדלאַך מיט איין מאָל, עס הייסט אַ סאַרדזאַנט. א. א. האָט געשטיגען פון 1 בענדיל צו 3, אויך אַ סאַרדזאַנט. זיין ברודער האָט געקריגען 2 בענדלאַך, אַ „פולער קאָרפאָראָל" הייסט עס. נאָך איינער אַ פ. ר. האָט געקריגען איין בענדיל און אונזער רויט־האָריגער קאָרפאָראָל האָט געשטיגען ביז 3 בענדלאַך מיט אַ קרוין, עס הייסט אַ קאָמפאַניע סאַרדזאַנט־מיידזאָר, כמעט דער העכסטער נישט קאָמיסיאָנירטער טיטעל אין דער בריטיש־קאַנאַדישער אַרמעע. אַזוי אַרום האָבען מיר ביים פערלאָזען ווינדזאָר געהאַט אַזוי צו זאָגען אַ אייגענעם אידישען „גענעראַל שטאַב".

אַ טאָג פאַר אונזער אָבפאָהר האָבען מיר געקריגען אויסגעצאָהלט אונזער מאָנאַטליכע געהאַלט $7\frac{1}{2}$ קאַנאַדישע דאָלאַר, און ענדליך! ענדליך האָבען מיר זיך ערוואַרט אויפ'ן טאָג פון אונזער אָפרייזען. יענעם פריהמאָרגען זיינען מיר אויפגעשטאַנען פריהער ווי שטענדיג, מיר האָבען זיך אויסגעפוצט ווי צו אַ

חתונה, אפגעגעסען פריהשטיק און געוואָרען שטאַרק בעשעפ־טיגט מיט דאָס גרייטען זיך אין וועג אַריין.

אַ חוץ מיין אייגענער אַרמעע גאַרדעראָבע האָב איך נאָך מיט מיר געפיהרט מיין פידעל, וועלכע איך האָב צוזאַמען געבונדען אַזוי אַז איך זאָל איהר קענען אונגעשטערט טראָגען אויפ'ן פלייצע. 8 אוהר פריה זיינען אַלע געווען פיקס און פערטיג צו דער רייזע. מען האָט אונז דאַן געהייסען נעהמען אונזערע פעקלאַך און אַרונטער. אונטען אין עסע־צימער האָט מען אונז אויסגעשטעלט אין 4 לאַנגע שורות, און דער מיידזאָר האָט פאַר אונז געהאַלטען אַ מיליטערישען זעגנונגס־רייזע. אין זיין רעדע האָט ער אונז פילע מאָל בעצייכענט אַלס בריטישע סאָלדאַטען, נישט דערמאָנענדיג צומאָל מיט קיין וואָרט וועגען אונזער ספעציעל אידישע ראָלע, פאַר וועלכע מיר זיינען געוואָרען סאָלדאַטען. געוועהנליך האָט עס אונז וועה געטהאָן, מיר האָבען זיך אָבער געטרייסט דערמיט, וואָס ענדליך מאַכען מיר אַ שריט נעהענטער צו אונזער ציעל פערלאָזענדיג די פערפאָרענע באַראַקען, די אַנטיסעמיטישע סאָלדאַטען און בעאַמטע, און דאָס נישט אינטערעסאַנטע פער־שלאָפענע שטעדטעל ווינדזאָר...

## IX

# מיר פערלאָזען ווינדזאָר (קאַנאַדאַ).

אַ פריה מאָרגען, דאָנערשטאָג 21־טען מאַרטש, 1918, איז עס געווען. גראַדע איז דער טאָג געווען אַ רעגענדיגער, דער ערשטער אָבער קאַלטער רעגען, וואָס מיר האָבען געהאַט דאָ פאַר דער גאַנצער צייט; אַזאַ מזל האָבען מיר שוין זעהט אויס געהאַט, אַז ווען מיר האָבען געדאַרפט אָפפאָהרען ווייטער האָט עס גענומט רעגענען, שנעען, שטורמען, פריהרען אָדער אירגענד וועלכע אַנדערע צרה.

אַרוים געהענדיג אין הויף, האָט מען אונז צושטעלט אין דער נויטיגער אָרדנונג, טראָץ דעם שלעכטען וועטער האָט אונזער פּאָהן געפּלאַטערט, און אַ אָרקעסטער פון קאַנאַדער „בוי־סקאָטס" האָבען אונז בעגלייט ביז דער באַהן. 9 אוהר האָבען מיר זיך געריהרט פון באַראַק, דורך מאַרשירענדיג צום לעצטען מאָל די שמאָלע געסלאַך פון דעם שטעדטיל, און די אַנוועזענדע האָבען אונז בעגלייט מיט הוראַ געשרייען און מיט פּאָכען מיט טיכלאַך און פּאָהנען. אויפ'ן וועג האָבען מיר ווי עס איז געקריגען אַ יוניאָן־דזשעק (אַ ענגלישע פּאָהן) און אין עטליכע מינוט שפּעטער זיינען מיר שוין געווען ביים סטאַציאָן, וואו מיר האָבען באַלד אָנגעפּילט דעם ספּעציעלען צוג, וועלכער האָט שוין דאָרט אויף אונז געוואַרט. די קאָמאַנדע איבער אונז ביז האַליפּאַקסער האַפּען האָט איבערגענומען אַ קאַנאַדער קאַפּיטאַן, וועלכער איז פּאַר דער צוועק פון האַליפּאַקס ספּעציעל צו אונז געשיקט געוואָרען, און 5 מינוט שפּעטער איז שוין ווינדזאָר געבליבען וויִט הינטער אונז.

די 2 שטונדען רייזע ביז האַליפּאַקס זיינען שנעל פּאָריבער און אָט דערזעהען מיר די האַליפּאַקסער ים־בוכטע, אין וועלכער עס אַנקערען אונצעהליגע קלענערע און גרעסערע שיפען. אַבי־סעלע ווייטער ביים ברעג בעמערקען מיר אַ האַלב־געזונקענע אויף איין זייט איינגעבויגענע גרויסע שיף, אויף וועלכעס מען האָט געקענט גרינג איבערלעזען די ווערטער: "Belgian Relief Ship" און אַביסעלע העכער, פּאַר אַ שטח פון אַ פּאָר מייל, בעמערקען מיר אַ גרויסען שרעקליכען חורבן: צושמעטערטע רעלסען, לאָקאָמאָטיווען, וואַגאָנען, הייזער, פּאַבריקען און קלענערע שיפלאַך. דאָס דערמאָנט אונז באַלד אין די נייעס, וועלכער מיר האָבען מיט איינינע וואָכען צוריק געלעזען נאָך זייענדיג אין אַמעריקאַ, וועגען אַ גרויסען אויפרייס וועלכער האָט חרוב געמאַכט כמעט דריי פערטעל פון דיזער פּאָרט־שטאָדט, די הונדערטע סאָלדאַטען, מאַטראָזען, מאַרינער און

אַנדערע קריעגס־לייט וואָס מיר האָבען דאָ דערזעהען, האָבען אונז שוין אויך דערמאָנט אין מלחמה.

דאָ האָט מען אונז אַוועק געפיהרט אין אַ גרויסען גע־מויערטען באַראַק, אַ ווירקליכער פּאַלאַץ אין פערגלייך מיט אונזער פריהערדיגען, עסען און שלאָפען אָבער איז געווען דאָס זעלבע, און די בעהאַנדלונג און דיסציפּלין נאָך שטרענגער ווי פריהער. טראָץ דעם אַלעמען זיינען מיר דערמיט געווען צו־פרידען, וועניגסטענס געפינען מיר זיך דאָך אין אַ גרויסע שטאָדט, וואו מען קען זיך פערגינען אַביסעל אַ לעב צו טהאָן.

און כך הוה. אויף מאָרגען ווען איך האָב געקריגען מיין ערלויבניש צו געהען אַביסעל אין שטאָדט, איז מיין ערשטער בעזוך געווען קודם כל אין אַ פיינעם קינעמאָטאָגראַף, פון וועלכען איך בין אימער געווען אַ ליידענשאַפטליכער אָנהענגער זיצענדיג אין טהעאַטער האָט מיר דאָס בילד און זיינע העלדען אַזוי פעראינטערעסירט אַז איך האָב פערגעסען אָן מיין גאַנצער מאַטעריאַלער עקזיסטענץ, און ווען איך בין ענדליך אין גאַס אַרויס, דערמאָנענדיג זיך ווער און וואָס איך בין, איז מיר גע־וואָרען היבש קאַלעמוטנע אויפ'ן האַרצען און משונה'דיגע געדאַנקען זיינען דאַן אין קאָפּ געקראָכען, איך האָב זאָגאַר נישט געפיהלט ווי איך בין איינינע מאָל געקומען אין צוזאַ־מענשטויס מיט פערבייגעהענדע אין גאַס, פערגעסען זיך אַפילו ענטשולדיגונג צו בעטען...

צו מיינע נאָרמאַלע געדאַנקען האָט מיר געבראַכט אַ בכבוד'ער רעסטאָראַנט אין וועלכען איך האָב זיך בהרחבה'דיג אַריין געשפּאַצירט און זיך געזעצט ביי אַ טישעל, צו וועלכען עס איז באַלד צוגעקומען אַ חנ'ווריגע קאַנאַדישע טאָכטער מיט אַ צוקערדיג פרעהליכען שמייכעלע. איך האָב איהר געהייסען דערלאַנגען אַ גוטען מאָהלצייט, וועלכען איך האָב פאַר אַ גאָווינע טאַקע פיין פערדייהעט. אָפּגעגעסען האָב איך מיר געפיהלט אָגיל ואשמח'דיג אין ריכטיגען זין פון וואָרט.

בעצאָהלט און איבערגעלאָזען די מיידעל פאַר איהר טרחה בין איך אַרויס און נאָך אַמאָל אַרום געשפּאַצירט אין די האַלי־פאָקסער גאַסען. איך האָב בעגעגענט פילע אָפיצירען, וועלכע איך האָב מיליטעריש בעגריסט און אגב אַליין הנאה געהאַט פון מיין אויפטהו. אונטערדעסען איז שפעטלאַך געוואָרען און האָב אָנגעהויבען שטעלען גרויסע טריט צום באַראַק, וואו איך האָב שוין אַלעמען געטראָפען ליגענדיג אויף זייערע געלעגערס און אונזער רויט־האָריגער, פריש־געבאַקענער, סאַרדזאָנט מיידזאָר האָט שוין קאָנטראָלירט, צו אַלע זיינען דאָ.

ערשט אויפ'ן 3־טען טאָג פון אונזער אָנקומען נאָך האַליפאָקס האָט מען אונז געהייסען זיין גרייט צו בעשטייגען אַ שיף. עס איז דאַן אין באַראַק געוואָרען אַזוי ליהודים, אַז מען האָט נישט געוואוסט וואָס צו טהאָן פאַר שמחה. מיר אַליין איז געווען אי פרעהליך אי אומעטיג, פרעהליך דער־מאָנענדיג זיך אַז מיר מאַכען אַ שריט נעהענטער צו אונזער ציעל — „ארץ ישראל", און אומעטיג דערמאָנענדיג זיך אָן דער רייזע אויפ'ן שיף, מיט איהר קראַנקהייט, וועלכע נעהמט מיר אָן און לאָזט מיר נישט אָפּ ביז די ענדע פון דער שיפ'ס רייזע.

12 נאָך מיטאָג האָבען מיר אַוועק געמאַרשירט צום האַפען, ביי וועלכען עס האָט געטומעלט ווי אויף אַ יאַריד. חוץ אונז האָבען מיר דאָ געטראָפען נאָך עטליכע טויזענד קאַנאַדער סאָלדאַטען, וועלכע האָבען געוואַרט צו בעשטייגען שיפען נאָך אייראָפּאַ; שפעטער אַביסעל איז אויך אָנגעקומען די איבעריגע אָבטהיילונג לעגיאָנערען וועלכע זיינען נאָך געבליבען אַ טאָג מעהר אין ווינדזאָר, און די לעצטע זיינען געבראַכט געוואָרען אַהער דורך מיידזאָר וואָקליי אַליין. טראָץ דעם וואָס מיר זיינען אַוועק געפאָהרען ברוגז'ע אויפ'ן אַלטען מיידזאָר, האָבען מיר יעצט ביי זיין פלוצליכען ערשיינען נישט געקענט זיך צוריק האַלטען פון מאַכען איהם אַ אַוואַציע, אויף וועלכער ער האָט געענטפערט מיט אַ סאַלוט און אַ שמייכעל. דער שלימזל האָט

אונז ווידער פערפאָלגט, און אונזער גרופע איז שוין בעשערט געווען זאָגאַר אויף דער שיף נישט צו פאָהרען צוזאַמען, ווייל מען האָט אונזער גרופע צוטהיילט אויף 3 בעזונדערע שיפען; די גרעסטע טהייל איז אָבער געבליבען אויף מיין שיף, די קאַנאַדער סאָלדאַטען האָבען צוערשט בעשטיגען און מיר צו־לעצט. אויפ'ן דעק האָט מען יעדען געטהיילט שיף'ס קאַרטען און מאָהלצייט קאַרטען. צימערען האָט מען אונז געגעבען, פערשטעהט זיך, אין צווישען־דעק, איין צימערעל, ד' אמות אויף ד' אמות, פאַר 4 פערזאָן.

די שיף איז געווען אַ קליינע טרופּ־שיף, אין וועלכער מען האָט יעצט אריינגעפּאַקט אַריבער טויזענד נפשות סאָלדאַטען חוץ דער מאַנשאַפט און הויכע בעאַמטע, און מען קען זיך אַלזאָ לייכט פאָרשטעלען, ווי גראָם דאָרט האָט געקענט זיין. אַריין אין מיין אָנגעוויזענעם צימער, האָט מיר דער צו־גוט בעקאַנטער איבעלער שיף'ס גערוך גלייך אַ זעץ געטהאָן, און ווייל איך האָב שוין געוואוסט מיינע צרות, האָב איך גלייך אַ שליידער געטהאָן מיינע פעקלאַך אויפ'ן בעטעל און, ווי געיאָגט פון טייוואָלים, האָב איך זיך אין דער שנעל אַרויס געכאַפּט אויפ'ן דעק, אַריין צו אָטהעמען אַזוי פיעל פרישע לופט, וויפיעל עס איז נור מעגליך. אויך דיזען מאָל האָב איך אפּערירט גאַנצע 20 דאָלאַר חאָטש פאַר אַ 3־טען קלאַס קאַיוטע, דאָס איז אָבער נישט געווען בנמצא, אַ חוץ דעם טאָר קיין סאָלדאַט ניט זיין קיין יחסן, און עס איז געגען דער מיליטערישער עטיקעטע. פאַר נאַכט האָב איך זיך אַרונטער געחאַפּט אין אונזער קומענדען עסע־צימער, פאַר אָוענד ברויט. דאָס עסען, חאָטש נישט צו זויבער, איז געווען געשמאַק און בעיקר צו גענוג. אָפּגעגעסען האָב איך זיך ווידער אַרויף געחאַפּט אויפ'ן דעק, און בעמערקט אַז אונטער דער צייט וואָס מיר אונטען האָבען געפראַוועט די סעודה איז אונזער שיף אָבגעגאַנגען פון ברעג, און איך האָב איהר שוין געטראָפען פעראַנקערט אין

מיטען דער בוכטע, אַ שטיק וועג פֿון ברעג. עס איז שוין געווען גוט טונקעל, אַ שעהנע דעמערונג, און די הונדערטע עלעקטרישע לאָמפּען פֿון די אונצעהליגע שיפֿען האָבען זיך אָפּגעשפּיגעלט אין די וואַסערען פֿון דער בוכטע און האָבען געמאַכט די פאנאראמע נאָך שעהנער און צוציהענדער. 9 אוהר אָוועגד האָט מען אַלעמען געטריבען אין די קאַיוטען שלאָפֿען. איך האָב קוים דורכגעשטופּט די נאַכט, און אויף מאָרגען בין איך געווען איינער פֿון די סאַמע ערשטע אויפ'ן דעק פֿון שיף.

X.

# אונזער היסטארישער סדר אויפ'ן בוזעם פון ים.

דאָס איז געווען מאָנטאָג נאָך מיטאָג, 25-טען מאַרטש, 1918; דער טאָג איז געווען וואָלקענדיג, בלויז צייטענווייז פֿלעגט זיך די זון אַ ווייז טהאָן און ווידער פֿערשווינדען. אומגעפֿעהר 2 נאָך מיטאָג האָבען מיר בעמערקט אַ טרופּ-שיף אָנגעפֿיהלט ווי אַ אויג מיט סאָלדאַטען, מאַכענדיג איהר וועג אין דער ריכטונג פֿון אָפֿענעם ים. באַלד האָט געפֿאָלגט אַ 2-טע און אַ 3-טע, דאַן האָט מען אויך אויף אונזער שיף אָנגעפֿאַנגען אַרויף צו ציהען דעם אַנקער, אויסגעדרייט איהר לאַנגזאַם מיט'ן נאָז צום ים, און לאַנגזאַם האָט זי זיך אָנגעפֿאַנגען באַוועגען, נאָכפֿאָלגענדיג די אַנדערע שיפֿען. דאָס האָט ענדליך אונזער טראַנספּאָרט זיך געלאָזען אין וועג אַריין, דאָס לאַנד האָט ביסלעכווייז אָנגעפֿאַנגען צו פֿערשווינדען, און מיר זיינען אַריין אין אָפֿענעם אַטלאַנטישען אָקעאַן.

אונזער טראַנספּאָרט איז בעשטאַנען פֿון 4 טרופּ-שיפֿען, 3 מיט קאַנאַדער און 1 מיט אַמעריקאַנער סאָלדאַטען, בעגלייטעט פֿון 1 אויל שיף, אַ שיף מיט אויפֿרייסענדע מאַטעריאַלען און געהיימער קרייצער, און דאָס אַמעריקאַנישע קריעגס שיף מאָנטאַנאַ, וועלכע איז געווען אונזער הויפּט פֿערטיידיגער

אין פאל פון נויט, צוזאמען אלזא 8 שיפען. א בליק טהוענדיג דאן אויף דער פארמירונג פון די שיפען, האט עס אויסגעקוקט ווי מען פארבערייטעט זיך צו א ים שלאכט, אין דער ווירק־ליכקייט אבער איז עס טאקע געווען אויב נישט דאס דער־מאנטע, איז יעדענפאלס עפעס זעהר עהנליכעס צו דעם. עס האט זיך געפיהלט, אז מען פערלאזט א שעהנע פרידליכע וועלט, און מען דערנעהענטערט זיך צו ברעגען פון טויט און פערניכטונג. אין גיכען האט די שיף אנגעפאנגען אונטערצו־טאנצען און איך, ווי אויך פילע אנדערע, זיינען געצוואונגען געווען ארונטער צו געהן אין אונזערע שמעקעדיגע... שלאף צימערען און זיך אוועק לייגען.

דעם קומענדען טאג בין איך שוין פון בעטיל נישט ארונטער, זאגאר עסען בין איך נישט געגאנגען, און האב פשוט געשאלטען דעם טאג און די מינוט, אין וועלכער איך האב די שיף בעשטיגען. מיין גאנצע ערגעהרונג איז בעשטאנען פון א שטיקעל ארענדזש אדער לעמאנע וואס מיין חבר פלעגט מיר אבשיילען און געבען. 2 טעג בין איך אזוי געלעגען א פערשמאכטער, און וואלט אפשר אזוי אפגעלעגען די גאנצע צייט פון אונזער ים־רייזע, ווען עס האפט זיך נישט אונטער אין מיטען דער פסח. מיטוואך ביינאכט האט געזאלט זיין דער ערשטער סדר. מיט מצה, חריין, חרוסת און אנדערע פסח'דיגע מאכלים און משקאות זיינען מיר פערזארגט געווארען פון דער האליפאקסער אידישער קהלה. דורך דער בעמיהונג פון אונזער לעגיאנערען־קאמיטעט.

ערב פסח אלזא, האט מען אונז געהייסען זיך אויס־פוצען אין עסיג און אין האניג לכבוד דעם ערשטען סדר וועל־כען איך בין געווען זיכער אז ער וועט געפראוועט ווערען אין פראכטפאל... פערדאמטען... עסט־זאל אין צווישען־דעק, דאך פסח איז פסח. מיט מאטערניש און צרות האב איך קוים זיך ארונטערגעשלעפט פון בעטיל, זיך אפגעראזירט, אפגעפוצט

די קנעפּלאַך ווי אויך די שיף און צוריק אַריין אין בעטיל וואַרטענדיג.

ווען עס איז שטאַרק טונקעל געוואָרען האָט מען אונז צו אונזער ערשטוינונג געהייסען אַרויף אויבען, וואוהין איך האָב מיט פּיעל מיה קוים קוים זיך אַרויף געקאַראַבקעט, און דערזעהען ווי חברה פערשווינדען איינציגווייז אין עפּעס אַ אונבעקאַנטע טיהר. מיר זיינען אַרונטער איינגע שטיגען און אַריין אין אַ ריזיג גרויסען צימער, מיט פּילע עלעקטרישע לאָמפּען, וועלכע האָבען מיר אַזאַ זעץ געטהאָן אין מיינע שלאָפּלאָזע אויגען אַז איך בין שיעור בלינד געוואָרען, און שטעלט אייך פאָר מיין איבעראַשונג און שטוינען. מיר האָבען זיך דאָן באמת געפּונען אין אַ פּראַכטפאָל שעהנעם זאַל, די ווענד בעהאַנגען מיט שעהנע און רייכע מאַהלער־בילדער, דער גאַנצער זאַל איז געווען אויסגעשטעלט מיט רייך מעבלירטע טישלאַך און שטוהלען ווי אויך ווייכע דיוואַנעם אַ־לאַ לואים דעם 16־טען און ביי יעדען טישעל איז געשטאַנען אַ דינער געקליידעט יום־טוב׳דיג. אין מיטען זאַל איז געשטאַנען אַ שעהנע פּיאַנאָ, די טישלאַך בעדעקט מיט שנעע־ווייסע טיש־טעכלאַך, און אויסגעשטאַטעט מיט מצה, וויין, אייער,חריין, חרוסת, א.ד.ג. אָנפּאַנגס בין איך זיכער געווען אַז איך טרוים עס, איך האָב אָבער באַלד איבערצייגט אַז דאָס אַלעס איז וואַהר. דער זאַל איז געווען דאָס געוועזענע, אין פריעדען־צייט, עסע־זאַל פאַר ערשט־קלאַסיגע פּאַסאַזשירען, און יעצט איז דאָס דער עסע־צימער פאַר די אָפּיצירען, שוועסטער, און הויכע בעאַמטע פון שיף, נור אַ דאַנק דער בעמיהונג פון לעגיאָנערען־קאָמיטעט און סאַרדזאַנט קאָהען, אַ געוועזענער סטודענט פון דער בעריהמטער קעמברידזער אוניווערזיטעט, איז עס געלונגען צו קריגען דעם זאַל פאַר אונזערע סדרים.

מען האָט זיך צוזעצט ביי די טישלאַך, באַלד האָבען זיך בעוויזען אונזערע פּני אַליין און געמיינט אַז אָט פאַנגט זיך




דער 39-טער אידישער באַטאַליאָן אין לאַגער בײַ ירושלים מיט גענעראַל אַלענבי אין פֿאָדער־גרונד

שוין אָן דער סדר. ווי איבעראַשט זיינען מיר אָבער געוואָרען ווען די טהיר פון זאַל האָט זיך אַ עפען געטהאָן און אויפ'ן שוועל האָבען זיך בעוויזען דער מיליטערישער מעיאָר, זיין אַדיוטאַנט, דער קאַפּיטאַן, איינינע לייטענאַנטען, ווי אויך איינינע שוועסטער, צווישען וועלכע עס איז אויך געווען איינע אַ חנ'וודיגע אידישע טאָכטער, און ווען די לעצטע האָבען זיך צוזעצט אויף זייערע געהעריגע פּלעצער האָט זיך ערשט דער סדר אָנגעהויבען.

„הא לחמא עניא די אכלו אבהתנא בארעא דמצרים" פאַנגט אָן אַ רויט־האָריגער לעגיאָנער אין אַ געצויגענער מאָנאָטאָנער שטימע, און דער עולם זיצט שטיל און הערט זיך צו. ווען ער ענדיגט דעם זאַץ שטעלט זיך אַוועק סאַרדזשאַנט קאָהען און זעצט עס איבער פאַר די געסט אין ענגליש, און זיי הערען זיך צו מיט אינטערעס און רעספּעקט. דאַן מאַכט דער לעגיאָנער קידוש, און דער מוזיניק פון אונזער ערשטער גרופּע, אַ אינגעל פון אַ יאָהר 15־16 פרעגט די 4 קשיות. דער לעגיאָנער ענטפערט איהם: עבדים היינו א.ז.וו. אונזער סאַרדזשאַנט קאָהען זעצט ווידער איבער די 2 זאַצען פאַר די געסט, און דאַן פאַנגט זיך אָן דער עולם הזה פון ערשטען סדר. מען עסט מצה, מיט חריין, חרוסת, קאַרטאָפעל און זאַלץ־וואַסער, מען טרינקט וויין, און די דינער ווערען שטאַרק בעשעפטיגט מיט דערלאַנגען זופּ, פליש, קניידלאַך, קאָמפּאָט א.ד.ג. נאַטירליך פּסח'דיג און שטרענג כשר, און די לעגיאָנערען רייבען ווי נישט זיי מיינט מען. די דינער האָבען פאַר זייער טרחה געוועהנליך אויך זייערס געקריגען, דאַן האָבען זיך אָנגעפאַנגען די אַדרעסען כדין וכדת.

סאַרדזשאַנט קאָהען אַלס פאָרזיצענדער רעדט צוערשט, דאַן קריגט דער מעיאָר דאָס וואָרט, און רעדט סימפּאַטיש איבער אונזערע שטרעבונגען, דער אַדיוטאַנט ווידער אין זיין עקסטאַז דערקריכט אַזש ביז אַ קאַנאַדער אמבאַסאַדאָר צום

צוקונפטיגען „אידען שטאַאַט״, און פאַר׳ן קאַפּיטאַן פאַר וועלכען מיר האָבען שוין דורך דער צייט איינינע מאָל פאַראַדירט, איז עס פאַר איהם געווען אַ נייעס, אַז מיר זיינען גאָר רעקרוטען פון אַ ספעציעל אידישען באַטאַליאָן, און ער בעוואונדערט שטאַרק די אידישע אָפּפערווילינקייט און טראַ־דיציעס (דער וויין האָט ווייזט אוים גוט געווירקט און געמאַכט דעם געהעריגען רושם אויף די געסט). נאָך די געסט קריגען דאָס וואָרט איינינע „געהויבענערע״ לעגיאָנערען, וועלכע רעדען אין אידיש אָדער העברעאיש. געוועהנליך הערען זיך די געסט צו מיט רעספּעקט, האָטש זיי פערשטעהען דאָס אַלעס ווי אַ האָן אין בני אָדם. געענדיגט אַלע צערעמאָניעס גיבען חברה אַ קנאַק דאָס זמר׳ל „וטהר לבנו״ אַז די שיף (וועלכע האָט שוין ממילא זיך געהוידעט) האָט אָנגעפאַנגען שטאַרק אונטער צו טאַנצען. אונזערע זינגערס האָבען אויך געזוננגען איינינע אריעס פון בעריהמטע אָפּעראס אין דער בעגלייטונג פון דער אידישער שוועסטער אויף דער פיאַנאָ און האָבען שטאַרק אויסגענומען. צו ענדע האָט מען געזונגען די „התקוה״, ביי וועלכער אַלע אָנוועזענדע האָבען זיך אויפגעשטעלט מיט מיליטערישע אויפמערקזאַמקייט, און פאַרענדיגט האָט מען מיט דער ענגלישער הימנע God Save The King.

אַזוי איז אָפּגעריכט געוואָרען דער ערשטער סדר פון דער ערשטער אידיש־אַמעריקאַנער גרופּע לעגיאָנערען, פון ערשטען אידישען רעגימענט, אַ מיליטערישען סדר צום ערשטען מאָל אפשר זייט 2000 יאָהר פון אידישער געשיכטע, און דערמיט איז מען זיך צוגאַנגען אין די קאַיוטען שלאָפען... מיט אַ צו־בראָכענעם געמיטה האָט יעדערער זיך צוריק געקעהרט אין זיין אָרימען שלאָף צימער, וועלכער האָט יעצט אויסגעקוקט פיעל עקעלהאַפטער, נאָך אַזאַ קאָנטראַסט וואָס מיר האָבען איבערגעלעבט, אַ סאָלדאַט מוז אָבער אין זיך דערשטיקען פילע זאַכען וועלכע דריקען איהם אָפט אויף דער נשמה.

אויף צו מאָרגענס, עס הייסט דעם ערשטען טאָג פּסח, האָב איך זיך שוין אַרויף געשלעפּט ווי עס איז אויפֿ׳ן דעק, וועלכער איז געווען באַלייגט, אַזוי גרויס ווי ער איז געווען, מיט קענעדער און אונזערע סאָלדאַטען, און אויסזוכענדיג אַ פּלאַץ אין צענטער פֿון שיף האָב איך זיך אויך אַוועקגעלעגט מיט׳ן פּנים אַרויף צום הימעל, אַ סגולה — אום נישט צו מערקען ווי די שיף וואַרפֿט זיך. אויך דער צווייטער סדר איז געפּראַוועט געוואָרען אין זעלבען זאַל, אָבער שוין מיט וועניגער צערעמאָניע ווי דער ערשטער, און אָהן די געהויבענע מיליטערישע געסט. אַ טאָג שפּעטער האָט זיך פֿערשפּרייט אַ קלאַנג צווישען די קריסטליכע סאָלדאַטען אַז די אָפֿיצירען פֿון שיף פּראַווען פֿאַר אונז ספּעציעלע באַנקעטען און הולאַנקעס, און זיי האָבען אונז טאַקע בעטראַכט מיט קנאה. אונזער שיף האָט אונטערדעסען פֿאָרטגעזעצט איהר וועג אין אַ זיג־זאַג ליניע און דער אַמעריקאַנער קרייצער „מאָנאַטאָנאַ" האָט געוואַכט איבער אונז ווי אַ געטרייע מוטער איבער איהרע קינדער, לויפֿענדיג, שווימענדיג און זוכענדיג אין אַלע ריכטונגען פֿון טראַנספּאָרט.

אויפֿ׳ן 5־טען טאָג פֿון אונזער רייזע ליגענדיג, אַזוי ווי שטענדיג, אויסגעצויגען אויפֿ׳ן דעק מיט דאָס בעקאַנטע שיף׳ס איבעלקייט אונטערען האַרצען; דערהער איך פּלוצלינג אַ מורא׳דיגען קראַך; אינסטינקטיוו האָט עס מיר געגעבען אַ שטעל אויף די פֿיס. דאָס איבעלקייט איז אַוועק — ווי דורך אַ כּישוף, און אין אַ אויגענבליק בין איך שוין געשטאַנען ביים פּאַרענטשע פֿון שיף בליקענדיג אַנגעשטרענגט אין דער זייט פֿון וואַנען דער קראַך איז געקומען. די קראַנקע פֿאַנטאַזיע האָט שוין מיר געמאָהלען פֿערשידענע בילדער, ווען אויף דער אויל־שיף האָט עס געגעבען אַ בליץ, נאָכגעפֿאָלגט פֿון אַ קנאַל, און דער קוגעל איז אַריין אין וואַסער אַ צוויי מייל אַוועק, באַלד האָט עס אויך אויף אונזער שיף געגעבען אַזאַ זעץ אַז

איך בין שיעור אומגעפאלען, און דער קוגעל איז אריין אין וואסער פון וועלכען עס האט ארויסגעזעצט א געדיכטער רויך. איך בין געווען זיכער אז דאס הויכט אויס דער אונבעקאנטער אונטער־וואסערדיגער מחבל זיין כשר'ע נשמה. שפעטער האב איך ערפאהרען, אז די גאנצע באמבאדיראווקע איז געווען נישט מעהר און נישט ווייניגער ווי א ים־מאנעווערע פאר נישט געפראובט זאל מען ווערען. איי דער רויך וואס האט ארויס־געזעצט פון וואסער? איז עס געווען א פשוט ציעל־ברעט פאר די שיסענדע קאנאנען. ווען דיזע פאסירונג איז געווען צו ענדע, האט דאס איבעלקייט פלוצלינג זיך ווידער אבגעפונען.

אונזער חברה, ווען דאס מורא'דיגע קלאפען האט ארויס געיאגט פון די אונטערשטע ארימע קאיוטען אויפ'ן דעק, איבערצייגענדיג זיך אז אלעס איז ווידער בשלום, האט גענומען אפגעבען א פרייען קאנצערט, אנפאנגענדיג פון „וטהר לבנו" ביז „א בריוועלע דער מאמען". די משונה'דיגע ליעדלאך האבען די גוים זעהר פעראינטערעסירט און אז חברה האבען עס נור בעמערקט האבען זיי טאקע געמיינט, אז עס איז מן הסתם פאראן וואס צו הערען, האט מען נאך מיט מעהר התלהבות גענומען ווידערהאלען ווידער אמאל און ווייטער אמאל די זעלבע ליעדלאך. אין דער ווירקליכקייט איז עס אבער געווען א שרעקליכעס קאצען־יאמער, וועלכער נאך אין די גוטע צייטען אין ווינדזאר פלעגט ער מיר גרילצען אין די אויערען, הערענדיג ווי זיי צולאזען זיך אויף זייערע וואראנע שטימעס אהן א ברעקעל הארמאני אדער געשמאק. איך האב דיזעס מאל שוין מעהר נישט געקענט דאס ערטראגען, האב איך מיר אויפגעהויבען און אוועק צום אנדער זייט פון שיף, וואו איך האב מיר אויסגעזוכט א פלאץ צווישען די 100 פראצענטיגע גוים...

די ערשטע 8 טעג פון אונזער רייזע זיינען אריבער צימליך רוהיג, אויפ'ן 9־טען טאג זיינען מיר שוין אריין אין

סובמאַרין־זאָן, עס הייסט אין וואַסערען וואו מען קען פלוצלינג זיך בעגעגענען מיט אַ אונגעבעטענעם אונבעקאַנטען גאַסט... די גאַנצע צייט פֿון אונזער רייזע האָט יעטוועדער אויפֿ'ן שיף געמוזט טראָגען אויף זיך אַ שווים־גאַרטעל, און יעדען טאָג האָט מען געמוזט מאַכען ספּעציעלע רעטונגס־איבונגען. יענעם טאָג זיינען שוין אויסגעשטעלט געוואָרען וואַכען אין די 4 זייטען פֿון שיף, און 10 פּונט ענגלישע שטערלינג איז אָפּעריירט געוואָרען דעם יעניגען, וועלכער וועט דער ערשטער בעמערקען און אָנצייגען אַ... נו, איהר ווייסט דאָך וואָס!... פֿון יענעם מאָמענט אָן זיינען אַלע אויגען געווען געווענדעט צו די געהיימניספֿולע וואַסערען פֿון אָקעאַן... פֿילע האָבען גלאַט געוואָלט חאָטש איינמאָל אָנקוקען אַ... עס איז דאָך גלאַט אַ שאַנדע אַריבער צו פֿאָהרען אַזאַ גרויסען אָקעאַן, וועלכער שוויבעלט און גריבעלט מיט דיזע... און נישט האָבענדיג געזעהען חאָטש איינעם פֿון זיי, און ווידער אַנדערע זיינען טאַקע אויסען געווען אויך די 10 פּונט, וועלכע קענען אַ סאָלדאַט גוט צוניץ קומען.

יענעם פֿאַרנאַכט האָט זיך אונזער קרייצער פלוצלינג אַ דרעה געטהאָן מיט'ן נאָז צו זידען, און 5 מינוטען שפּעטער איז ער פֿערשוואונדען אויפֿ'ן האָריזאַנט. קומענדען מאָרגען זיינען אַלע געווען פֿריהער ווי אימער אויף די פֿיס, מיר האָבען זיך שוין געפֿונען אין שטילערע וואַסערען, אַ סימן פֿון נאָהענטער יבשה. עס איז דאַן פֿאָרגעקומען אַ הענד געפּעכט, און זיצענדיג אַזוי אויף איינעם פֿון די הויכע שיף'ס־מאַסטען האָב איך אין אָסטען בעמערקט אַ ווייסען געגענשטאַנד. אַ בליק געבענדיג אויפֿ'ן שיף־קאַפּיטאַנס דעק, האָב איך בעמערקט אַז אויך דאָרט איז מען אויפֿמערקזאַם געוואָרען און אַז מען קוקט דורך די טעלעסקאָפּען אין דער זעלבער ריכטונג... אויפֿ'ן שיף האָט זיך אָנגעפֿאַנגען עטוואָס צו רודערען, און דער קאַנאָנער איז געשטאַנען גרייט צו דער קאָמאַנדע פֿון

שיסען. אונטערדעסען איז דאָס ווייסע געגענשטאַנד צוגעקומען אַלס נעהענטער, און אַנשטאָט „אַ ווי הייסט מען עס" האָבען מיר דערזעהען אַ סובמארין־יעגער, אָדער בעסער געזאָגט דעם מלאך המות פון סובמאַרינס. דאָס איז געווען אַ קליינע, זעהר פלינקע, דריי־קוימענדיגע שיפעל, וועלכע האָט קורסירט בליץ שנעל אין אַלע ריכטונגען. באַלד נאָך דער ערשטער האָט זיך בעוויזען אַ 2־טע, אַ 3־טע, און ביז פאַרנאַכט האָבען מיר שוין געהאַט אָנגעציילט גאַנצע 8 שטיק פון דיזע מחבלים אויף מחבלים, וועלכע זיינען געווען בריטישע, און וועלכע זיינען ספעציעל געשיקט געוואָרען אַלס אונזער וואַך, און אַלעס איז ווידער רוהיג געוואָרען.

אויפ'ן 11־טאָג פון אונזער רייזע, נאָך פאַר פריה, לויפט צו מיר אַריין מיין חבר אייזען, וועלכער האָט יענעם טאָג גראַדע שטאַרק געפעדערט, און זאָגט מיר אָן די בשורה, אַז רעכטס זעהט זיך שוין לאַנד. דיזע עטליכע ווערטער האָבען געווירקט ווי אַ צויבער, און אין אייניגע סעקונדען שפעטער, זייענדיג שוין אויפ'ן דעק, האָב איך רעכטס דערזעהען ברוינע בערג בעשפריצט פון די ערשטע זונען שטראַהלען. מיר האָבען זיך דאַן שוין געפונען ביי די ברעגען פון שאָטלאַנד.

יענעם גאַנצען פריהמאָרגען זיינען מיר געפאָהרען אין אַ רוהיגען וואַסער, וועלכעס איז געווען גלאַט ווי שפיגעל, און אַרום 10 אוהר איז אונזער טראַנספּאָרט אַריין אין אַ אויסגוס, וועלכער האָט אויסגעקוקט ווי אַ אָזערע אַרומגערינגעלט פון אַלע זייטען מיט יבשה. עס האָבען זיך פאַר אונז ענטפלעקט ווייט און ברייט וואונדערליכע, פערכשופ'ענדיגע סצענען און פאנאָראַמען פון נאַטור, וועלכע די פעדער איז צו אָרים צו שילדערען. זעלבסטפערשטענדליך, אַז מיר די פאַסאַזשירען זיינען געשטאַנען ווי צוגענעגעלט צום דעק פון שיף און פאַר אַ צייט נישט געקאָנט זיך אָפּרייסען פון דיזע נאַטור שעהנ־הייטען, וועלכע מיר האָבען דערזעהן צום ערשטען מאָל אין

אונזער לעבען (יעדענפאַלס איך אַלס איינער האָב עס געזעהען דאָס ערשטע מאָל אין מיין לעבען). גענויע 5 שטונדען האָבען מיר געדרייזט דורך דיזע צויבער לאַנדשאַפטען, און די שיפען זיינען געשוואומען אין אַ לאַנגער שורה, איינער הינטערן צווייטען, אויס פאָרזיכט: דער אויסגוס איז געווען שטאַרק געמינעווט.

אין גיכען האָבען זיך בעוויזען שאָטישע דערפלאַך און שטעדטלאַך, וועלכע האָבען אונז באַלד דערמאָנט אַז מיר געפינען זיך ווידער אַמאָל אין אייראָפּאַ. ביי די ברעגען זיינען געשטאַנען מיידלאַך, פרויען און קינדער, וועלכע האָבען צו אונז געפאָכעט מיט ווייסע טיכלאַך; נאָך העכער האָבען מיר צום ערשטען מאָל דערזעהען פרויען שיפ'ס-בויער, אָנגעטהאָן אין מענער קליידער און קלאַפענדיג געשמאַק מיט זייערע האַמערס אַ מלחמה פראָדוקט פערשטעהט זיך. דערזעהען אונז האָבען זיי אָפּגעשטעלט זייער אַרבייט אויף עטליכע מינוט, האָבען געפאָכעט צו אונז מיט טיכלאַך, געשריען הוראַ און געהויבען זייערע מענערשע היטלען, פון אונטער וועלכע עס האָבען זיך אַרויסגעזעהן בלאָנדע פרויען-לאָקען.

ענדליך זיינען מיר אויף דעם 11-טען פאַרנאַכט פון אונזער רייזע געבליבען שטעהן אין פאָרט פון גלאַסגוי אין שאָטלאַנד. יעדער פון אונז האָט פאַר'ן אַראָפּשטייגען געקריגען צו פאָרציעס ברויט מיט קעז, שפּייז פאַר 12 שטונדען מיט'ן באַהן נאָך לאָנדאָן. די קאַנאַדער סאָלדאַטען האָבען אויך דיזען מאָל געלאַנדעט פריהער, מיר נאָך זיי, און אונטען זיינען געווען פערשידענע מיליטערישע בעאַמטע, וועלכע האָבען אונז געצעהלט, סאָרטירט און צושיקט צו די פילע צוגען, וועלכע זיינען געשטאַנען דערנעבען און געוואַרט פאַר דיזען טראַנספּאָרט סאָלדאַטען. עס איז שוין געווען גוט טונקעל, און איבער דער שטאָדט האָט זיך צושפּרייט אַ געדיכטער שטיקענדער נעבעל, וועלכער האָט מיר שוין דערמאָנט אין אַ לאָנדאָנער

פּאָגע. די באַהנען זיינען געווען געוועהנליכע 3-טע קלאַסנע פּאַסאַזשיר צוגען (אַ לוקסוס פאַר אַ סאָלדאַט, וועלכער איז געוויינט מען זאָל איהם פיהרען אין אַ אָקסען צוג), אין וועלכע מען האָט אונז געפּאַקט ווי הערינג אין אַ פּעסיל, הלואי אָבער וואָלט נישט ערגער, אַלץ בעסער ווי אויפ'ן שיף.

מיר האָבען זיך אַלזאָ געמאַכט אַזוי בעקוועם ווי נור מעגליך. די באַהן האָט זיך געריהרט, און 10 מינוט שפּעטער איז זי שטעהן געבליבען ביי דער הויפּט סטאַציאָן, וואו מיר האָבען געדאַרפט בייטען די וואַגאָנען. עס איז געווען פּונקט אין דער צייט, ווען אַלע קומען געוועהנליך אַהיים פון דער טעגליכער אַרבייט, אָבער דאָ האָבען מיר אַנשטאָט מענער דערזעהען הונדערטע פרויען און מיידלאַך, מיינסטע טראָגענדיג מענער קליידער. דאָס זיינען געווען טיפּיש שאָטישע העלד-בלאָנדע מיידלאַך („באָני לאַסעס", ווי זיי ווערען מיינסטענס בעצייכענט), זיי האָבען זיך ליידענשאַפטליך געשאַרט נעבען די נייע אָנגעקומענע סאָלדאַטען, וועלכע פלעגען אָהן צערע-מאָניע זיי ליידענשאַפטליך אַרומחאַפּען און קושען. דיעזע אָרעמע פרויען און מיידלאַך האָבען שטאַרק געלעכצעט נאָך דיעזע צערטליכקייטען האָבענדיג זייערע מענער און געליבטע וויט ערגעץ אין פראַנקרייך, אָדער גאָר אויף דעם „עולם האמת"...

עטליכע מינוט שפּעטער זיינען מיר שוין געווען אויפ'ן וועג נאָך לאָנדאָן. שלאָפען אין די וואַגאָנען איז נישט געווען וואו צוליב דער ענגשאַפט; אַלזאָ די וואָס האָבען געהאַט קאָרטען האָבען געמאַכט אַ קערטיל, אַנדערע האָבען געשפּילט דאָמקעס אָדער שאַך, און נאָך אַנדערע האָבען זיך פערקליבען ערגיץ אין אַ וואַגאָן בחברותא, פראַוועגדיג מגידות, זינגענדיג און יובלענדיג ביז'ן גרויסען טאָג אַריין... אַז עס איז ליכטיג געוואָרען האָבען זיך חברה צושטעלט ביי די וואַגאָן-פענסטער אָנצוקוקען דאָס פּרעכטיגע לאַנדשאַפט, דורך וועלכע אונזער

באהן האט געשניטען איהר וועג. פילע פון אונז האבען אויס־
גענוצט דיזע געלעגענהייט און האבען זיך אויסגעצויגען אויף
א ליידיגער באנק און געחאפט א קורצען דרעמיל...

XI.

## אין לאנדאן.

אין א דאנערשטאג פריה, אפריל דעם 4־טען, 1918, זיינען מיר ענדליך, מיט מזל, נאך לאנדאן געקומען. מען האט אונז גלייך אפגעפיהרט צו דער אונטערערדישער באהן, וועלכע האט אונז געבראכט צו דער וויקטאריא סטאציאן, וואו מיר זיינען ארויס אויף דער פרייער לופט, און נאך א 10 מינוט־דיגען מארש זיינען מיר שטעהען געבליבען ביי א Salvation Arny Hostel, אין וועלכען מען האט אונז, די ערשטע גרופע לעגיאנערען, ווי אויך די קענעדער סאלדאטען איינגעארדענט אין צימערען, צו 6 פערזאן אין א צימער א גרויסען מיט בעטען און בעטגעוואנד גאר ווי ביי לייטען גלייך. דאס איז טאקע געווען דאס ערשטע מאל זינט מיר האבען פערלאזען אונזערע היימען, אז מיר זיינען געשלאפען ווי מענשען, און צו מארגענס זיינען מיר אויפגעשטאנען טאקע ווי נייע־געבוירען. אונזער ערשטער בליק אויף לאנדאן האט געמאכט אויף אונז דעם איינדרוק, אז מיר געפינען זיך אין א פרויען רעפובליק, ווייל צו וואס מען האט זיך נור צוגעריהרט האט עס גע־געשמעקט מיט דעם מלחמה פראדוקט מיט פרוי.

אויף מארגען נאך אונזער אנקומען האט מען אונז אוועק־געפיהרט נאך האנסלאוו אין דארטיגען מיליטערישען לאגער, ביי א האלבע שטונדע רייזע פון לאנדאן. דער הויף פון לאגער איז געווען איבערפילט מיט טויזענדע סאלדאטען, וועלכע זיינען סארטירט און בעשטימט געווארען אין פערשידענע באטאליאנען פון דער ברוטישער ארמעע, און אונז האט מען בעהעפט

צום 39-טען אידישען באַטאַליאָן, וועלכער האָט פאָרלייפיג געהייסען: 39-th Royal Fussiliers. אָפּגעפערטיגט זיך מיט דעם, האָט אונז אונזער סאַרדזשאַנט קאָהן אָפּגעפיהרט צוריק נאָך לאָנדאָן אין אַ ספּעציעל אידישען באַראַק, וועלכער איז געשטאַנען אונטער דאָס דירעקטע אויפזיכט פון אַ אידישען מיידזאָר שיינפיעלד. אין דיזען באַראַק זיינען עס רעקרוטירט געוואָרען די מיינסטע לעגיאָנערען פון די אידישע באַטאַליאָנען, און שפּעטער איז ער געוואָרען אַ מין גאַסט-הויז פאַר אַלערליי אידישע סאָלדאַטען, וועלכע זיינען געווען אויף אורלויב און נישט געהאַט צו וועמען צו קומען. קיינע בעטלאַך זיינען דאָרט ניט געווען, האָבען מיר געמוזט שלאָפען אויפ'ן הוילען באָדען ביז מיר וועלען קריגען אונזערע ספּעציעלע 10 טעג אורלויב.

ביז וואָס, ווען, האָט אָבער מיין געדולד געפּלאַצט, און שבת פריה מאַרשירענדיג אין שוהל האָב איך טראָטץ דעם שטרענגען פערבאָט, אַרויסגעגנב'עט זיך פון דער רייהע און היידאַ אין שטאָדט אַריין, וועלכע איז מיר געווען עטוואָס בעקאַנט. אין ווענטוואָרט סטריט, נעבען דער בעריהמטער „לייון", האָט זיך געפונען מיין שוואָגערס ספרים-געשעפט, איבער וועלכען ער האָט אויך געוואוינט, נור אַזוי ווי עס איז געווען שבת איז דער געשעפט געווען געשלאָסען און נאָכ־פרעגענדיג האָב איך זיך דערוואוסט, אַז נאָך מיט עטליכע יאָהר צוריק האָט ער זיך פון דאַנען אַרויס געצויגען. איך האָב אָבער געקענט די שוהל אין וועלכע ער פלעגט דאַוונען, בין איך אַהין אַוועק מיט דער האָפנונג איהם דאָרט צו טרעפען. איך האָב זיך אויף איהם נאָכגעפרעגט און מען האָט מיר געענטפערט, אַז דער הערר נירענשטיין וועט קירצליך קומען, בין איך אַרויס צום טויער איהם ערוואַרטען. אין גיכען האָב איך בעמערקט דאָס אָנקומען פון אַ הויכען בלאָנדען יונגען מאַן אין וועלכען איך האָב דערקענט מיין אָנקעל פ. נירענשטיין



דער לאַגער פֿון 39־טען אידישען באַטאַליאָן אין סאַראַפֿין ביי ראשון לציון 1918—1919

(די שוהל־לייט האָבען געמיינט אַז דיזען מאַן זוך איך עס טאַקע) און וויסענדיג אַז דיזער האָט קיין אַהנונג וועגען מיין יעצטיגער אַנוועזענהייט אין לאָנדאָן, האָב איך איהם איבער־ראַשט, דערמיט וואָס איך האָב איהם פערלאָפען דעם וועג, ווען ער האָט געהאַלטען ביים אַריינגעהן אין שוהל, און גע־פרעגט איהם האַלב־תמ'עוואַטע צו וויס ער נישט, ווען זיין ברודער י. נירענשטיין קומט אין שוהל. דיזע פראַגע האָט איהם איבערראַשט, וויסענדיג אַז דער לעצטער האָט ניט אונ־טער זיינע בעקאַנטע אָדער קרובים קיינע סאָלדאַטען... פלוצלינג האָט ער געגעבען אַ געשריי: אוי! לייביל! און גלייך נאָכדעם איז ער געפאַלען צו מיר זיך קושען. עס האָבען באַלד גע־פאָלגט פראַגען און אַנטוואָרטען, נאָך וועלכע אַנשטאָט אין שוהל האָבען מיר זיך ביידע אַוועקגעלאָזען פאַר אַ גוטען מאַרש נאָך מיין שוואָגערס נייער פריוואַט וואוינונג. מיין אָנ־קעל מיט זיינע לאַנגע פיס און איך מיט מיין סאָלדאַטסקען שנעלען טראָט האָבען מיר זיך אויסגעגלייכט און אַרום אַ 25 מינוטדיגען שנעלען גאַנג זיינען מיר געבליבען שטעהען ביי אַ שעהנע הויז נעבען איינעם פון די שעהנסטע לאָנדאָנער איסט־ענדער פאַרקען (וויקטאָריאַ פאַרק).

מיר האָבען זיך אַרונטערגעלאָזען אייניגע טרעפ און מיין אָנקעל האָט דערלאַנגט 2 שטאַרקע קלעפ אין דער טהיר, אויף וועלכע אַ אינוויינינגסטע שטימע, אין וועלכער איך האָב באַלד דערקענט מיין עלטערער שוועסטער, האָט געענטפערט, און באַלד געעפענט און אַריין געלאָזט. דערזעהן דעם אָנקעל מיט אַ יונגען סאָלדאַט, האָט זי באַלד פערשטאַנען ווער דער תכשיט איז. 2 טרעהרען האָבען זיך בעוויזען אין איהרע גוטע אויגען און מיר האָבען זיך ברידערליך צוקושט. זיי האָבען מיר צוואַר יעצט נישט ערוואַרטעט, און וואָלטען מעגליך אין גאַנצען נישט וויסען, אַז איך בין אַ סאָלדאַט געוואָרען, ווען נישט מיין אַמעריקאַנער עלטערער שוואָגער, אַ פערפלאַמטער

ציוניסט און מיין הייסעסטער חסיד, וועלכער האָט זיי גע־שריבען אַז זיי וועלען האָבען אַ גרינעם סאָלדאַט אויף שבועות, און יעצט איז עס קאָם געווען דער ערשטער שבת גלייך נאָך פּסח.

מיין שוואָגער האָב איך נישט געטראָפען, ווייל ער איז געווען אין שוהל, ער איז אָבער קירצליך אַהיים געקומען און דערזעהענדיג אַ סאָלדאַט האַלטענדיג זיין טאָכטעריל אויפ׳ן שויס, און די שוועסטער מיט׳ן אָנקעל געמיטהליך אַרום מיר, האָט ער זיך אויך גלייך אָנגעשטויסען... הכלל, איך האָב זיי אין קורצען דערצעהלט די מעשה שהיה, האָב מיט זיי צו־זאַמען דעם שבת׳דיגען מיטאָג אָבגעגעסען, און האָב זיך צו־ריקגעקעהרט אומבעמערקטערהייד אין באַראַק, מיט דער פער־זיכערונג אַז קירצליך וועלען מיר זיך ווידער זעהען אויף גאַנצע 10 טעג.

מאָנטאַג, דעם 8־טען אַפּריל, האָט מען אונז פּאַראַדירט און געטהיילט די ספּעציעלע מיליטערישע בלעכלאַך און ציי־כענס פון אונזער באַטאַליאָן און רעגימענט. ערוואַרטענדיג אַ מגן־דוד אַלס אונזער ספּעציעלען צייכען, און קריגענדיג אַנ־שטאָט דעם אַ אַלגעמיינעם בריטישען מיליטערישען בלעכיל, האָבען מיר אַלע פּה אחד געמאַכט אַ ויצעקו, און זיך ענט־זאַגט דיזע צייכענס אָנצוטהאָן, ביז דער מיידזאָר שיינפּיעלד האָט אונז געגעבען די פעסטע פערזיכערונג, אַז דאָס דאַרפען מיר אָנטהאָן בלויז צייטווייליג, ביז דער „מגן דוד" וועט פאַרטיג ווערען.

געענדיגט דעם פּראָצעס פון צונייהען און צוטשעפּען דיזע צייכענס צו זייערע געהעריגע פּלעצער, האָט יעטוועדער גע־קריגען אויסגעצאָהלט צו צוויי און אַ האַלב פונט אין ענגלישע שטערלינג, ווי אויך אַ ערלויבניש פאַר 10 טעג אין שטאָדט אַריין, אויף אורלויב. דער מיידזאָר אַליין, אַ גאַנץ אָנגענעהד־מענער מענש, האָט אונז אָבער געבעטען מיר זאָלען זיך פון

צייט צו צייט, אין משך פון די 10 טעג, זיך אראפחאפפען אין באראק, אום צו זעהען וואס און ווען עס ווערט ספעציעל אראנ־זשירט לכבוד דער ערשטער גרופע לעגיאנערען.

די אלגעמיין לאנדאנער אידישע מאסע האט אונז אנגע־נומען פאר דער 10־טער מכה פון דער הגדה, דערפאר האט אונז דאס הויך־פענסטערדיגע יודענטהום סימפאטיש אויפגע־נומען, איבערהויפט דער יונגער לארד ראטשילד ווי אויך די ציוניסטישע קעפ, און הויפט־רבי דר. הערץ. די לעצטע האבען דורך די 10 טעג פון אונזער פערוויילען אין לאנדאן, פער־אנשטאלטעט פאר אונז ספעציעלע קאנצערטען. באנקעטען און אנדערע פערוויילונגען. איך אליין אבער האב מעהר ווי איין באנקעט אזעלכען נישט בייגעוואוינט. דער באנקעט האט שטאטגעפונדען אין א מיליטערישען פערווײלונגס פלאץ, בשכנות פון בעריהמטען בריטישען מוזעאום, אויף וועלכען עס זיינען אנוועזענד געווען אזעלכע גרויסע לייט ווי דער לארד ראט־שילד, סיר הערבערט סעמיועל, נחום סוקולאוו, און אנדערע פראמינענטע אידישע פערזענליכקייטען.

געקריגען בעצאהלט און א ערלויבניש, האט יעטוועדער מיט זיך גענומען בלויז דאס נויטיגסטע און היידא אין שטאדט אריין, ווער צו קרובים, בעקאנטע אדער גלאט אין ביליגע האטעלען. איך, נאטירליך, בין אוועק צו די מייניגע. עס איז פערשטענדליך איבעריג צו זאגען, אז איך האב שוין לאנג נישט פערבראכט אזוי גוט אויף דער פרייהייט. זעהר אפט פלעגט זיך צו הויז ענטוויקלען א דיסקוסיע צווישען מיר פון איין זייט און מיין שוואגער און שוועסטער פון דער אנדער זייט, איבער דער ראלע פון די אידישע באטאליאנען, ווען זיי פלעגען ארויס ווייזען זייער גאנצען סקעפטיציזם, געגנוי דעם זעלבען געפיהל פון גאנצען לאנדאנער יודענטהום, וועלכעס האט נישט פערשטאנען די וויכטיגקייט און גרויסקייט פון יענע טעג. אזא דיסקוסיע פלעגט זיך געוועהנליך ענדיגען מיט

פילע טרעהרען פון מיין שוועסטער. פאַר מיין אָבפאָהר האָט מיר מיין קליינע פלימעניצקע געמאַכט אַן איבערראַשונג מיט 6 קליינע טאַשען טיכלאַך און אַ שעהנעם בוך פון קינדערשע ערצעהלונגען אין ענגליש, וועלכע זי האָט מיר מיט גרויסער ליעבע איבערגעגעבען דעם טאָג פון מיין אָברייזע.

דאָס געזעגענען זיך איז דיזען מאָל צוגעגאַנגען ביי מיר שווערלאַך. מיין שוועסטערס טרעהרען האָבען מיר געריהרט, און מיין פלימעניצקע, קוקענדיג אויף דער מוטער, איז אויך געשטאַנען ביים זייט מיט אַ פּאָר טרעהרען־בריליאַנטען אין איהרע מילדע נאַאיווע קינדערשע אויגעלאַך... זי איז שוין געווען אַ שוהלע מיידעלע פון אַ העכערען קלאַס, און האָט גוט פערשטאַנען וואוהין איהר אַנקעל געהט יעצט... איך האָב זיך מיט זיי צוקושט און שנעל אַרויס געלאָפען פון הויז, גלייך צום שוואָגער אין געשעפט.

דער שוואָגער האָט מיר בעגלייט ביז דער אונטערגרונד באַהן סטאַנציע. מיר האָבען זיך הערצליך צוקושט, דערביי האָט ער מיר אַריין גערוקט אין האַנד עטליכע וויכטיגע פּאַ־פּירלאַך, אָנזאָגענדיג מיר איך זאָל זיך ניט שעהמען בעטען נאָך, ווען איך וועל דאַרפען. איך האָב עס אָבער פערשפּאָרט טהון, ווייל שפּעטער פלעג איך אָפט קריגען אין זיינע בריעף אַזאַ וויכטיגען פאַפּירעל, וועלכער פלעגט מיר טאַקע גוט צוניץ קומען.

קומענדיג אין באַראַק האָב איך שוין געטראָפען חברה שטעהען אין דרויסען מיט זייערע געפּעק אויף די פּלייצעס, גרייט אָבצומאַרשירען, בין איך גלייך אַרויף אויבען, אויסגע־זוכט מיין אייגענטהום און זיך אויך געשטעלט אין דער רייהע. דער לאָרד ראָטשילד האָט אונז דאַן בעטראַכט, נאַכהער האָט מען אונז אויסגערופען ביי די נעמען, און באַלד דערויף טאַקע אַוועקמאַרשירט צו דער באַהן סטאַציאָן אונטער דער אויפ־זיכט פון אַ גוי'אישען סאַרדזשאַנט, וועלכער האָט אונז געדאַרפט

צושטעלען קיין פלימוטה. אָנגעקומען קיין פלימוטה האָט אונז דאָרט ערוואַרטעט אַ נידריג געוויקסיגער אָפיציער מיט אויגען־גלעזער אויף זיין טיפּיש־אידישער נאָז, און ווען נישט די אָפיציערסקע יוניפאָרמע וואָס ער האָט אויף זיך געטראָגען, וואָלט איך לויט זיינע געזיכטסצינע איהם אָנגענומען פאַר אַ תמ'עוואַטען ישיבה בחור. דאָס איז געווען אַ פולער אידישער לייטענאַנט מיט'ן נאָמען מייער, און ער האָט עס אונז גע־דאַרפט אָבפיהרען פון דאָרט אין מיליטערישען לאַגער, וועל־כער איז געלעגען אַ מהלך פון 4 ענגלישע מייל אויף דער אַנדערער זייט פון פלימוטה.

XII.

## מיט שטאָלץ פלאַקערט אונזער פאהן אויף ענגלישען באָדען.

עס איז געווען אַ הייסער דאָנערשטאַג, דעם 18־טען אַפריל, 1918. צו יענער צייט איז שוין דער וועטער געווען העכסט זומערדיג, ווערהרענד אין קאַנאַדא האָבען מיר נאָך איבערגעלאָזען אַ שטאַרקען שווערען ווינטער. 2 מאָל האָבען מיר אונטערוועגס גערוהט, און ענדליך געגען אַריבער אַ שטונדע און אַ האַלבס מאַרשירען פון אַ שטאַרקען באַרג אַרויף, זיינען מיר מידע און בעגאָסענע מיט שוויס אָנגעקומען צו אַ גרויסען אַרומגעצאַמטען הויף, אין וועלכען עס זיינען געשטאַנען 5 2־שטאָקיגע מויערען, וועלכע האָבען שטאַרק דערמאָנט רוסישע קאַזאַרמעס. דאָס זיינען עס געווען אונזערע צייטוויילגע באַראַקען, וועלכע זיינען געשטאַנען בשכנות פון אַ ענגלישען דערפיל מיט'ן נאָמען “Crown Hill” וועלכען נאָמען אונזערע באַראַקעס האָבען געטראָגען. דאָ האָבען מיר שוין געפונען מאָדערנע איינריכטונגען, ווי קאַלטע און הייסע

וואסער דירעקט פון קראַן, הייסע בעדער מיט שפריצען, מאָדערנע וואַסער קלאָזעטען, אייזערנע בעטען מיט מאַטראַצען און שטרויענע קישעלאַך, ווי אויך אייזערנע שאַפקעלאַך צו האַלטען קליינינגקייטען ביים האַנד, און עלעקטרישע בעלייכ־טונגען. אין הויף איז אויך געשטאַנען אַ הילצערנע Y.M.C.A. הייזעל, אין וועלכער מען האָט פערבראַכט אויף אַלערליי אופנים די פרייע שטונדען פון טאָג, אויך האָט מען דאָרט געקענט קויפען אַלערליי ביליגע נאַשערייען, ווי אויך עסענ־וואַרג און געטראַנקען.

ווען מיר זיינען אָנגעקומען האָט מען קודם כל אונז אַוועקגעפיהרט אין דער Y.M.C.A. הויז, דאָרט צוזעצט ביי די פאַר אונז שוין פון פריהער געגרייטע טישען, און אונז געגעבען טהעע, ברויט, פיש, און שטיקלאַך קוכען צום פער־בייסען. דאָס איז שוין געווען אונזער אָווענד־ברויט. נישט שטענדיג איז אָבער יום טוב, און נישט אימער האָבען מיר געהאַט אַזאַ געהויבענעם מאָהלצייט. דורך די גאַנצע 2 מאָ־נאַטען פון אונזער שטעהן אין ענגלאַנד, און ווען נישט די ברויטלאַך וועלכע מיר פלעגען קויפען פאַר אונזערע אָרימע פענעס, וואָלטען מיר דאָרט בוכשטעבליך פערהונגערט גע־וואָרען. געגען איבער אונזער הויף איז געווען אַ צווייטער הויף מיט באַראַקעס, אין וועלכען עס זיינען איינגעשטאַנען און זיך געאיבט די רעקרוטען פון 42־טען אידישען באַטאַליאָן R.F. בעשטעהענד פון אַ 600 אידיש־ענגלישע אינגלאַך אין עלטער פון 18—20 יאָהר, און אַזוי האָבען מיר שוין פאַר זיך דער־זעהען סאָלדאַטען מיט אַלע קליפערלאַך, און האָבען זיי מיט קנאה בעוואונדערט.

אויפ'ן דריטען טאָג נאָך אונזער אָנקומען אין לאַגער, האָט מען אונז פאַראַדירט צו די מיליטערישע מאַגאַזינען, וואו מען האָט יעדען אויסגעשטאַטעט מיט אַלעס וואָס אַ פאָלקאָמענער סאָלדאַט בעזיצט, און אחרון אחרון חביב, אויך ביקסען האָט

מען אונז געגעבען מיט שפּיציגע באַיאָנעטען דערויף, און מיט געצייג צו רייניגען דיזע וואַפען. ענדליך ענדליך זיינען מיר שוין מיט מזל פאָלקאָמענע סאָלדאַטען, מיר דאַרפען זיך בלויז לערנען ווי אַזוי צו נוצען דיזע וואַפען און מיר זיינען גרייט פאַר'ן „דייטש" אָדער „טערק" ווער און וואָס ער זאָל נישט זיין... זעלבסט פערשטענדליך אַז מיר האָבען אָנגעפאַנגען מיט פליים זיך לערנען די תורה פון „תרצח", דאָס איז אָבער אַלץ געווען גוט טהעאָרעטיש, ווען מען האָט אונז אָבער אין עט־ליכע טעג שפּעטער אַריין געפיהרט אין שכנת'דיגען הויף אין וועלכען עס זיינען געווען ספּעציעלע שטרויענע דייטשען, און מען האָט אונז געהייסען אין זיי אַריין שטעכען דעם שאַרפען באַיאָנעט, האָט עס מיר צוערשט געשווידערט און געעקעלט, אָבער מיר זיינען שנעל געוויינט געוואָרען אויך צו דיעזער לומדות.

אַ וואָך נאָך אונזער אָנקומען האָט אונז בעטראַכט דער בריגאַדער־גענעראַל מיט אונזער קאָלאָנעל סעמיועלס, אַ הויך געוויקסיגער מיטעל־יעהריגער מאַן, מיט גראָבע אויגען־גלעזער און אידישען פנים, אַ מיטגליעד פון דער בעריהמטער סעמיועל און ראָטשילד באַנקירען פירמע. דער גענעראַל איז בכלל געווען מיט אונזער אויסזעהן צופרידען, ער האָט אונז דאַן אַדרעסירט און ענדיגענדיג האָט ער אונז אָנגעזאָגט די בשורה, אַז מיר געהען אין גיכען קריגען אַ רויטען מגן דוד אַלס אונזער ספּע־ציעלען צייכען אויף די אָרעמס, און עס וועט ערלויבט ווערען צו לאָזען פלאַטערען אונזער פאָהן איבער אונזער לאַגער. דאָס איז שוין געווען עטוואָס מעהר ווי מיר האָבען ערוואַרטעט, האָבען מיר דעם גענעראַל געגעבען אַלס דאַנק 3 הילכיגע הוראַ געשרייען, אויף וועלכע ער האָט מיליטעריש סאַלוטירט. אומגעפעהר אַ וואָך שפּעטער זיינען די מיטגלידער פון 39־טין אידישען באַטאַליאָן, אָדער בעסער געזאָגט, די ערשטע גרופּע אידיש־אַמעריקאַנער לעגיאָנערען, שטאַרק בעשעפטיגט געוואָרען

מיט אָננעהען די רויטע מגן דוד׳ס אויף די אַרבעל פֿון די שינעלען און מונדירען.

מיר זיינען דאַן געוואָרען אַ אידישע אַרמעע, אַזוי צו זאָגען, אין אַ קליינעם מאסשטאַב. נישט נאָר האָבען מיר געהאַט אייגענע אידישע אָפֿיציערען, סאַרדזשאַנטען, קאָרפּאָראַלען, מיליטערישע פּאָליציי, סאָלדאַטען, אַ כשר׳ע קיך, אַ שוהל צום דאַווענען, אַ מיליטערישען אָרקעסטער, אַ וואַך און אַ וואַך־הויז וכדומה, זאָנדערען אפילו אייגענע קעשענע גנבים און אַלערליי וואַגעבונדען האָבען ביי אונז נישט אויסגעפֿעהלט... די לעצטע איבערהויפּט זיינען געווען דער ערב־רב פֿון דער ערשטער אידיש־אַמעריקאַנער גרופּע לעגיאָנערען, אַ טיפּ וואָס די גאַס האָט איהם אויפֿגעהאָדעוועט, און האָבען אונז טאַקע שפּעטער אַ היבש ביסעל דאָס פּנים פֿערשוואַרצט. אויך אייגענע דעזערטירער האָבען מיר שוין געהאַט, וועלכע זיינען אָבער שפּעטער געחאַפּט געוואָרען און פֿעראורטיילט געוואָרען צו טורמע דורך אַ מיליטערישען קריעגס געריכט. זעלבסטפֿערשטענדליך, אַז אונזער וואַך און וואַך־הויז זיינען אויך ליידיג נישט געשטאַנען...

אַלע אָווענד נאָך די איבונגען פֿלעגט מען אונז ערלויבען צו געהן אין שטאָדט. פּלימוטה איז אַ שעהנע העבסט אייראָפּעאישע פּאָרט־שטאָדט אויף דער גרעניץ פֿון ענגלישען קאַנאַל און אַטלאַנטישען אָקעאַן, און זי פֿערמאָגט איינעם פֿון די שעהנסטע באולוואַרען, וועלכער קוקט אַריין אין האַלב־רונדיגען ים־אויסגוס, וואָס ליגט ווי אין אַ טיפֿער שיסעל. צו דיזען באולוואַר אַלזאָ פֿלעגען יונגוואַרג זיך אַרויסלאָזען שפּאַצירען. די שטאָדט איז פֿול געווען מיט סאָלדאַטען, מאַטראָזען, מאַרינען, און אָפֿיציערען פֿון אַלע אַלייאירטע לענדער. זעלטען ווען מען האָט בעמערקט אַ ציוויל געקליידעטען מאַן, דערפֿאַר אָבער איז דאָ אויך געווען אַ גרויסער איבערפֿלוס פֿון פֿרויען און מיידלאַך, וועמענס מענער און חתנים זיינען

געווען צושפּרייט איבער די פערשידענע אייראָפּעאישע שלאַכט־פעלדער.

די סאָלדאַטען פלעגען שנעל שליסען בעקאַנטשאַפט מיט די מיידלאַך, פלעגען מיט זיי אַוועק שפּאַצירען אויפ'ן באולוואר אין די שעהנע לבנה־נעכט, פלעגען זיך אַוועקזעצען ביחידות אויף אַ באַנק אונטער אַ בוים אָדער אין שאָטען פון אַ פעלז און אין ליבעס־געגנוס פלעגען זיי דערטרינקען, חאָטש אויף עטליכע מינוט, די שרעקליכע טרויעריגע ווירקליכקייט. אין שטאָדט זיינען מיר שנעל פּאָפּולאַר געוואָרען, מען פלעגט נור אַ קוק טהאָן אויף אַ אַרבעל אָדער היטעל, און מען האָט שוין גלייך געוואוסט אַז דיזע זיינען עס סאָלדאַטען פון אידישען באַטאַליאָן.

איינינע וואָכען נאָך אונזער אָנקומען האָט מען אונז אָנגעפאַנגען לערנען צו מאַרשירען ווייטע שטרעקען, מיט פולע קריעגס אַמוניציע אויף זיך, אונטער די טענער פון אונזער מיליטערישען אָרקעסטער. אין אַלגעמיין האָט מען געוואָלט אין אונז אַריין קלאַפּען אין 2 מאָנאַטען, דאָס וואָס דאַרף נעהמען דעם דורכשניטליכען סאָלדאַט גאַנצע 6 מאָנאַט און מעהר, מחמת מיר האָבען גערדאַרפט זיך פעראייניגען מיט דער צווייטער העלפט פון באַטאַליאָן, וועלכער איז שוין געווען און געוואַרט אויף אונז אין עגיפּטען. אונטערדעסען זיינען אָנגעקומען אַ 2־טע גרופּע אידיש־אַמעריקאַנישע לעגיאָנערען, וועלכע האָבען פערשטאַרקט דעם האַלבען באַטאַליאָן, און דאַן האָבען מיר זיך אַרויסגעצויגען פון אונזערע געמוייערטע באַראַקעס, און מען האָט אונז בעזעצט אין געצעלטען ביי אַ מייל אַוועק פון דאָרטען, אום צוגעוויינען אונז צום רויהען פעלד לעבען. אונזער פאָהן איז אַרויסגעפיהרט געוואָרען פון די באַראַקען אין נייעם לאַגער אונטער אַ שווער בעוואַפענטער וואַך און מיליטערישען פּאַראַד, און פלעגט מיט מיליטערישען פּאַראַד יעדען טאָג אַרויף געצויגען ווערען איבער אונזער נייעם

לאַגער. עטליכע וואָכען פֿאַר אונזער אָבפֿאָהרען, האָט מען אונז געגעבען אַ אָריענטאַלישע יוניפֿאָרמע, און נאָך זאַכען וואָס זיינען נויטיג פֿאַר אַ מזרח עקספּעדיציע. איין עקזאַמען פֿון שיסען האָבען מיר נאָך פֿריהער דורכגעמאַכט, דעם לעצ־טען עקזאַמען אָבער האָבען מיר אויסגעהאַלטען אין אַ לאַגער, 8 מייל אַוועק פֿון אונזערען, וואוהין מיר האָבען מאַרשירט מיט פֿולען געפּעק, און אויך איך האָב זיך אַרויסגעוויזען צו זיין אַ צימליך גוטער שיסער. ענדליך, ווען עס איז בעקאַנט געוואָרען דער דאַטום פֿון אונזער אָברייזע, האָט מען בעלאַ־גערט דעם קאָמאַנדירס אָפּיס מיט ביטעס פֿאַר אורלויב אויף איינינע טעג. די מיינסטע האָבען אַזאַ אורלויב געקריגען, איך שלים מזל אָבער האָב אַזאַ נישט געקריגען, האָט עס מיר שרעקליך ערבּיטערט געגען אַלעס און אַלעמען.

דעם טאָג פֿאַר'ן אָבפֿאָהרען זיינען מיר נאָך אַמאָל בעד־טראַכט געוואָרען פֿון אַ גאַנצען גענעראַל־שטאַב, און דעם זעלבען אָווענד איז דער לאַגער געגאַנגען אויף רעדלאַך, פֿון דעם טומלען און שרייען פֿון אונזערע חברה־לייט, וועלכע זיינען געוואָרען ליהודים'דיג. אַ גרויסע צאָל לעגיאָנערען האָ־בען געהאַפּט עטליכע פֿאָהנען און אין דער בעגלייטונג פֿון עטליכע טרובּייטשעס, האָבען זיי דעמאָנסטרירט דורך איינינע ענגלישע דערפֿלאַך, וועלכע זיינען געלעגען בשכנות פֿון אונזער לאַגער.

דעם זעלבען אָווענד איז פֿעראַנשטאַלט געוואָרען אַ שטי־קעל אָבשיעדס אָווענד לכבוד אונז אין איינעם פֿון די גרויסע געצעלטען פֿון לאַגער, און אויף דיזען אָבענד זיינען אַנוועזענד געווען דער קאָלאָנעל אַליין מיט זיין טאָכטער, כמעט אַלע אָפֿיציערען פֿון לאַגער ווי אויך פֿון שכנ'ישע לאַגערען, און אַ אידישער פֿערקריפּעלטער סאָלדאַט האָט געשפּילט פֿאַר אונז „כל נדרי" אויף זיין טשעלאָ. דער גאַנצער אידישער וועה פֿון אַ אומגליקליך פֿאָלק, אַזוי גוט ווי פֿון אַ יחיד, און דאָס



מיליטערישע פאליציי פֿון 38-טען אידישען באַטאַליאָן

ווען פון א צובראכענער אידישער נשמה, וועלכע דער סאל־
דאט האט מיט זיך פערקערפערט, איז געלעגען אין זיינע
ריהרענדע טענער. ער האט געשפילט מיט הארץ און התלהבות,
און האט אלעמען גערירט ביז טרערן. שלאפען איז מען
שוין יענע נאכט נישט געגאנגען, איך אבער בין אוועק אין א
זייט, זיך ערגעץ אנגעשפארט און געכאפט טאקע א דרעמיל
פאר א פאר שטונדען...

## XIII.

# קיין מצרים דורך פראנקרייך און איטאליען.

עס איז געווען א מאנטאג, דעם 27־טען יוני, 1918, 2
אוהר פארטאג, ווען דער טרובאטש מיט זיין טרומייטער האט
אונז אלעמען אויפגעוועקט. אנגעטאהן זיך איז מען אוועק
פריהשטיק עסען ווען אין דרויסען איז נאך געווען שטאק פינסטער.
נאך'ן עסען האט יעטוועדער געקריגען זיין צדה לדרך, דאן
איז מען זיך צוגאנגען אין די ביידלאך אום זיך איינצופאקען
און אפרייניגען זיי פון די שמוץ וואס האט זיך פאר דער
שטיקעל צייט אין זיי אנגעקליבען.

אין לאגער האט מען ערווארטעט דאס אנקומען פון דער
3־טע גרופע לעגיאנערען פון אמעריקא, איבער וועלכע עס
זיינען שוין ארום געגאנגען פערשידענע סענזאציאנעלע קלאנגען.
מאנכע האבען געזאגט, אז זייער שיף איז טארפעדירט געווארען
און איז געזונקען צוזאמען מיט דער גאנצער מאנשאפט. אנ־
דערע האבען בעהויפטעט, אז מען האט די גאנצע גרופע
גאר אוועקגעשיקט אויפ'ן פראנצויזישען פראנט. דער סוף
המעשה האט זיך אבער אויסגעלאזען, אז מען האט זיי גאר
געהאלטען אין לאנדאן עטליכע טעג ביז נאך אונזער אבפאהר.

מען האט אונז צוטהיילט אויף 2 רייזענדע פארטיעס.
מיר די ערשטע גרופע האבען אפגערייזט דעם ערשטען טאג

און די איבעריגע אויפ'ן אַנדערען, און 5 אוהר זיינען שוין אַלע געשטאַנען פּיקס און פּערטיג צום פאָהרען. פאָראויס איז געגאַנגען אונזער שטאָלצע וויס־בלויע פאָהן, און ווען אונזער אָרקעסטער, וועלכער האָט אונז בעגלייט ביז'ן סטאַציאָן, האָט אַ קלאַפּ געטהאָן דעם מיליטערישען „זיי געזונד" מאַרש, זיינען מיר שוין צום דריטען מאָל געווען אין וועג פאַר אַ לענגערע רייזע. צום לעצטען מאָל האָבען מיר אַדורך מאַרשירט אונזערע געוועזענע באַראַקען און דערפּיל. די מוזיק און דאָס קלאַפּען פון די סאָלדאַטסקע, צום טאַקט געשטעלטע, שיך אָן דעם גלאַטען גלאַנציגען ברוק, האָבען אויפגעוועקט דאָס רוהיגע דערפּיל, און די שלאָפענדע איינוואוינער, וועלכע האָבען זיך באַלד בעוויזען דורך די פענסטער אין זייערע נאַכטקליידער, פאָכענדיג דערביי מיט טאַשען־טיכער; דער הויכער, דיקער פּאָליציי־מאַן מיט די ברוינע אַנגלאָ־זאַקסישע וואָנצען, איז געשטאַנען אויסגעצויגען ווי אַ סטרונע, ווי אַ גוט־דיסציפּלי־נירטער סאָלדאַט, און אַ מילדער שמייכעל האָט דערביי געשפּילט אויף זיינע ליפּען.

דאָס דערפּיל איז באַלד פערשוואונדען און מיר זיינען געווען אויפ'ן וועג צום סטאַציאָן. עס איז שוין געווען 6 פריה ווען מיר האָבען אַריין געמאַרשירט אין פלימוטה, מיר האָבען אַדורך מאַרשירט אַ היבש ביסעל גאַסען אונטער דער בע־גלייטונג פון הוראַ געשרייען, אין פילע פענסטער האָבען זיך בעוויזען עלייאירטע גרויסע פאָהנען, און אין איין פענסטער האָב איך בעמערקט אַ אַלטיטשקע מיט אַ אַלטינקען פאָכענדיג צו אונז מיט זייערע טיכלאַך און ווישענדיג זייערע אויגען; מן הסתם אָרימע טאַטע־מאַמע, וועלכע האָבען שוין נישט איין זוהן געאָפּפערט דעם גאָט פון מלחמה. נאָך מאַרשירען פון אַריבער אַ שטונדע זיינען מיר ענדליך שטעהען געבליבען ביי דער אייזענבאַהן סטאַציאָן, וואו די אייזענבאַהן בעאַמטע האָבען אונז געציילט און פּראָוויז אַריין געלאָזען אויף דער פלאַטפאָרמע.

ווידער אַמאָל האָבען מיר בעשטיגען 3־טע קלאַסנע וואַגאָנען מעשה מענשען און געלאָזען פלימוטה הינטער זיך.

אונזער יעצטיגער פֿיהרער און קאָמאַנדיר ביז עגיפּטען איז געווען אונזער אַ אידישער לייטענאַנט רובין, אַ זעהר סימ־פּאַטישער, נאַציאָנאַליסטיש געזאָנענער, יונגער מאַן פֿון דער אידישער אַריסטאָקראַטיע און אַ פֿערוואַנדטער פֿון די ראָט־שילדס. ער האָט אונז שטרענג פֿערזאָגט נישט צו פֿערלאָזען די וואַגאָנען אָהן ערלויבניש פֿון עלסטען, מען האָט זיך אָבער בגנבה אַרויסגעחאַפּט איבעראַל וואו עס האָט זיך געלאָזען. ביי איינער פֿון די ווייטערדיגע סטאַציאָנען איז אַרום געגאַנגען אַ מאַן מיט אַ קאָשיקעל אין האַנד און געוואָרפֿען אין יעדען וואַגאָן־פֿענסטעריל אַזוי פֿיעל קליינע פּעקלאַך, וויפֿיל מענשען עס זיינען דערין געווען, און די פּעקלאַך האָבען ענטהאַלטען אין זיך אַ אַסאָרטיענט פֿון פֿערשידענע קיכלאַך און נאַשערייען מיט אַ וויזיט קאַרטעלע פֿון אַ אַדעליגע־דאַמע פֿון יענער שטאָדט. אויך אויף דער פּלאַטפֿאָרמע איז געשטאַנען אַ פֿרוי מיט אַ וועגעלע, אויף וועלכען עס איז געווען אַ גרויסער קעסיל טהעע, וועלכע איז אויך געווען די מתנה פֿון יענער גוטער פֿרוי. דערזעהען דאָס וועגעלע האָבען איהם חברה בעפֿאַלען ווי די היישעריגען, און אין איניגע סעקונדען איז דער קעסיל געווען טרוקען ווי ביין, און אין האַרצען האָט יעטוועדער געדאַנקט און געבענשט יענע גוטהערציגע פֿרוי פֿאַר איהר סימפּאַטישען טהייל נעהמען אין דער לאַגע פֿון אָרעמע סאָלדאַטען...

ענדליך נאָך אַ פּאָר שטונדען רייזע זיינען מיר אָנגעקומען נאָך סאַוטהעמפּטאָן, אַ בעריהמטע בריטישע האַפֿען־שטאָדט, דורך וועלכער עס פֿלעגען אין פֿרידענס־צייטען פֿאָהרען טויזענדע עמיגראַנטען פֿון דער גאַנצער וועלט נאָך אַמעריקאַ (גראַדע בין איך זעלבסט אויך געפֿאָהרען קיין אַמעריקאַ מיט $4\frac{1}{2}$ יאָהר צוריק דורך דעמזעלבען האַפֿען) און יעצט האָט עס מיט זיך פֿאָרגעשטעלט אַ ריין מיליטערישער האַפֿען דורך וועלכען עס

זיינען טראַנספּאָרטירט געוואָרען פערשידענע עלייאירטע סאָל־דאַטען נאָך פראַנקרייך. עס איז אויסגעקומען צו וואַרטען אין האַפען איניגע שטונדע אויף דער רייהע פון אַ טראַנספּאָרט־שיף איבערען קאַנאַל. מיר האָבען דאָ געטראָפען נאָך עטליכע קלענערע גרופען פון אַלגעמיין־בריטישע סאָלדאַטען געהענדיג מיט אונז צוזאַמען נאָך עגיפּטען, ארץ ישראל, און מעסאָפּאָ־טאַמיען, און האַרט נעבען אונז איז געלעגען אויסגעלייגט און אויסגעזעצט איניגע טויזענד אַמעריקאַנער סאָלדאַטען, וועלכע האָבען ווי מיר, געוואַרט אין דער רייהע.

צייט האָבען מיר געהאַט גענוג, האָבען מיר געמאַכט אַ שפּאַציער צווישען די אויסגעלעגטע רייהען אַמעריקאַנער סאָלדאַטען, זוכענדיג פיליכט וועט אונז געלינגען צו געפינען בעקאַנטע אָדער גאָר אפשר אַ קרוב? אַנשטאָט דעם האָבען מיר אָבער סתם אָנגעטראָפען אַ סך אידיש־אַמעריקאַנער סאָלדאַטען און אָפיציערען, מיט וועלכע מיר האָבען געהאַפּט אַ לענגערען שמועס, און האָבען נאָך דיזען אונטעררעד טאַקע זעהר בעדויערט, ווארום אַמעריקאַ איז נישט אַריין אָפיציעל אין קריעג מיט דער טערקיי...

ערשט אַרום 6 פאַרנאַכט האָט מען אונז, אַ 800 אידישע און קריסטליכע סאָלדאַטען, צוזאַמען געפּאַקעוועט אויף אַ קליינעם טראַנספּאָרט־שיפעל, און מיר האָבען זיך דערווייי־טערט פון ענגלישען ברעג.

די זון האָט זיך געהאַלטען אין זעצען, און דאָס וואַסער ביים ברעג איז געווען רוהיג ווי איין שפּיגעל. עס האָט זיך גאָר נישט געוואָלט גלויבען אַז אין אַ האַלבע שטונדע שפּע־טער וועל איך פערשעלטען די מינוט, וואָס איך בין אַרויף געטראָטען אויפ'ן שוועל פון שיף. דעם לעצטען מאָל (פון קאַנאַדאַ נאָך ענגלאַנד) האָט מען אונז וויניגסטענס צוטהיילט צו 4 אין יעדען צימעריל, דאָ אָבער האָט מען די גרעסטע צאָהל פון אונז אַריינגעפּאַקעוועט ווי די הערינג אין

איין גרויסען צימער, וועלכער האָט אויסגעזעהן ווי אַ שטאַל, שוין נישט רעדענדיג פון דער פערסט׳טער לופט, וואָס האָט דאָ געהערשט. עס האָט מורא׳דיג געשליידערט, און עס וועט זיין אָהן איבערטרייבונג צו זאָגען, אַז די גלידער זיינען ביי אונז שיעור נישט איבערגעקעהרט געוואָרען. איין גליק איז בלויז געווען, וואָס די רייזע האָט מעהר נישט געדויערט ווי פון 6 ביז 7 שטונדען, און איינס פאַרטאָג האָבען מיר גע־לאַנדעט אין האַפען פון שערבורג (פראַנקרייך) וואו מען האָט אונז דערוויל אַריינגעפיהרט אין אַ שייער ביז עס וועט טאָג ווערען.

אויפ׳ן פריהמאָרגען האָבען מיר צוגעאַרבייט, שלעפענדיג די אָפיציערסקע פעקלאַך פון איין פלאַץ צום צווייטען, און ערשט שפּעטער האָבען מיר אַוועקמאַרשירט צו איין רוהע־לאַגער איינינגע מייל ווייט. אונזער פאָהן האָט אויך אויפ׳ן פראַנצויזישען באָדען שטאָלץ געפלאַטערט. 2 טעג זיינען מיר געשטאַנען אין אָפּרוה לאַגער. אין שטאָדט איז קיינעם נישט ערלויבט געווען צו געהן, און ערשט אויפ׳ן 3־טען טאָג האָבען מיר אַוועקגעמאַרשירט צוריק אין דער ריכטונג פון וואַנען מיר זיינען אָנגעקומען. אויפ׳ן וועג האָבען מיר געטראָפען די 2־טע גרופּע מאַרשירענדיג אַהין פון וואַנען מיר זיינען אַוועק, און האָבען זיך בעגעגענט מיט געגענזייטיגע בעגריסונגען.

ביים ברעג האָבען שוין פאַר אונז דיזען מאָל געוואַרט ריכטיגע אָקסען־וואַגאָנען, אין וועלכע מען האָט אין יעדען אַריינגעפּאַקעוועט צו 30 און 40 פערזאָן. לופט איז דאָ דוקא געווען גענוג, דערפאַר אָבער ווען עס איז צוגעפאַלען די נאַכט איז געווען האָטש וואַרף אַרויס 2 דריטעל פּאַסאַזשירען פון דעם זעלבען וואַגאָן, אין וועלכען מען האָט געדאַרפט פאַרברייגנען גאַנצע 8 טעג. גראַדע מיר האָט דיזען מאָל דער מזל איין פריינדליך פנים געצייגט, דערמיט וואָס אויף מיין גורל איז אויסגעפאַלען דער וואַגאָן פון דער מעדיצינישער אָבטהיילונג,

וועלכע האָט ענטהאַלטען 8 פשוט'ע סאָלדאַטען, בעאַמטע אַריינגערעכענט, ווי אויך אונזער דאָקטאָר, און ערשט דאַן איז עס נישט געווען גראַם געננוג צו שלאָפען.

3 טעג האָט געדויערט אונזער רייזע דורך דער גאַנצער לענג פון פראַנקריך, וועלכע איז זעהר עהנליך צו די בריטישע אינזלען. פערביי פאָהרענדיג האָבען מיר דאָרט געזעהען הונדערטער אַמעריקאַנער סאָלדאַטען (סעמטים) וועלכע זיינען געווען בעשעפטיגט מיט לייגען רעלסען, בויען הייזער, אייזענבאַהן, דורכפיהרען וואַסער לייטונג, און צו וואָס מען האָט זיך נישט אַ קעהר געטהאָן, זאָגאַר צו איין פראַנצויזישער מיידעל, האָט עס געשמעקט מיט אַמעריקא... מיר זיינען פערביי געפאָהרען אייניגע גרויסע פראַנצויזישע שטעדט און טייכען.

די גאַנצע צייט האָבען מיר גערייזט דורך דעם פלאַך־לאַנד, ווען מיר זיינען אָבער אָנגעקומען נעבען דער שווייצאַריש־איטאַליענישער גרעניץ האָבען מיר איבערגעלאָזען אונטער זיך דאָס פלאַך־לאַנד, און עס האָט זיך אָנגעפאַנגען געבירגיגע פלעצער, וואָס ווייטער אַלץ מעהר און גרעסער, ביז אין אַ געוויסען פאַרנאַכט האָבען מיר, שטעהענדיג ביי דער טהיר פון אונזער וואַגאָן, בעמערקט אויפ'ן האָריזיאָנט איין קייט פון ריזיג הויכע בערג, בעדעקט מיט שנעע. דאָס זיינען געווען די בעריהמטע אַלפען בערג, וועלכע זיינען געווען ביי אַ 100 מייל ווייט פון אונז. מיר זיינען אָבער זיי אויך פערביי געפאָהרען אין דער נעהע, וואו פון אַ הויך פון 5000 פוס האָט זיך געגאָסען אַ וואַסער שטראָם, און אין איין פלאַץ האָבען מיר דורך געקרייצט דורך די אלפען אין איין טונעל פון 12 מייל לאַנג, דער לענגסטער טונעל אין דער וועלט. מיר האָבען אַזוי אַרום דורך געקרייצט די גאַנצע לענג פון איטאַליען ביז ענדליך זיינען מיר אויפ'ן 8־טען טאָג פון אונזער רייזע אָנגעקומען אין טאַראַנטאָ, איין איטאַליענישע

האפען שטאדט פונקט אין איטאליענס שטיוועל, אויפ׳ן גרעניץ פון אדריאטיש־מיטעללענדישען ים.

עס זיינען געווען די ענדע טעג פון מאנאט דזשון, און מיר זיינען דארט געשטאנען גאנצע 8 טעג, אין א רוהע־לאגער אויסער דער שטאדט. אין שטאדט גופא איז קיינעם נישט ערלויבט געווען צו געהן, און ווען צוויי חברה־לייט האבען דאך ריזיקירט און געגאנגען, האט מען זיי צוריק שוין גע־בראכט אלס ארעסטאנטען און פערשפארט פאר צוויי וואכען אונטער די גראטעס. די זון האט שוין דארט געברענט, און יעדען טאג פלעגט מען אונז איינטהיילען פאר ארבייט ביים האפען, און פארנאכט, נאך דער ארבייט, פלעגט מען אונז אוועק שיקען זיך באדען אין ים, און נאכ׳ן באד פלעגט יעדער מוזען אויסזופען איין פארציע חינין. אזא צובייסען האט מיר ווייניג געשמעקט, און האב עס אויסגעווייכט ווי ווייט איך האב נאר געקענט. אויך האבען מיר דארט אבגעהאלטען איין „הערצעל״ מעמאריאל פערזאמלונג, אין איינעם פון די גרויסע געצעלטען פון לאגער, און איינער פון די אונזעריגע האט ספעציעל געמאהלען א בילד פון פערשטארבענעם פאר דיזער פערזאמלונג.

דעם 5־טען יולי האבען מיר ענדליך בעשטיגען א שיף, וועלכע האט אונז געפיהרט נאך עגיפטען. אונזער וועג איז געווען דורך די גריכישע אינזלען, און ביי איינעם פון זיי וועלכער הייסט מילא, ווארשיינליך דער געבורטה־פלאץ פון דער גריכישער געטין „ווענוס דע מילא״, זיינען מיר געשטאנען גאנצע 3 טעג. די מיינסטע חברה האבען געמאכט א שפאציר דורך דער אינזעל אונטער דער אויפזיכט פון א אפיציער, איך אבער בין געבליבען אויפ׳ן שיף, און שפעטער האט עס מיר טאקע באנג געטהאן.

אויף דיזער שיפ׳ס רייזע האב איך ווייניגער געליטען ווי פריהער, ערשטענס דערפאר וואס מיר פלעגען שלאפען אויפ׳ן

דעק, אונטערען פֿרייען הימעל, און צוווייטענס טאַקע דערפֿאַר וואָס דער מיטעללענדישער ים איז רוהיגער פֿאַר די אַנדערע ימים און אָקעאַנען. זיינע וואַסערען זיינען טיעף־בלוי און אזוי דורכזיכטיג, אַז מען קען אָפֿטער זעהען ריזען־פֿישען נאָכשווימענדיג בליץ־שנעל נאָך דער שיף, ווארטענדיג משמעות אויף איין געלעגענהייט ווען מען וועט עטוואָס אַרונטער־וואַרפֿען פֿון שיף. וואָס ווייטער מיר זיינען געפֿאָהרען איז די היץ געוואָרען אַלס גרעסער, דער הימעל טיעף־בלויער, און די לופֿט מעהר טרוקען און שטאַרק.

דעם לעצטען סימן פֿון אייראָפּא האָבען מיר געזעהען פֿערביי פֿאָהרענדיג דעם אינזעל „קרעט" אָדער „קאַנדיא", דאַן האָבען מיר שוין אָנגעהויבען רייזען אין אַזיאַטיש־אַפֿרי־קאַנישע וואַסערען, און ענדליך האָבען מיר אויפ׳ן 7־טען טאָג פֿון אונזער רייזע, בשלום דערגרייכט דעם שעהנעם מאָדערנעם האַפֿען פֿון אַלעקסאַנדריען, עגיפּטען. די זון האָט זיך דאַן געהאַלטען פּונקט אין זעצען, און וואַרפֿענדיג אַ בליק דאַן אויף דער שטאָדט, וועלכע איז געווען בעגאָסען מיט איהרע שטאַרבענדע שטראַהלען, איז עס געווען איין פּראַכט־בילד.

XIV.

## אין דעם לאַנד פון פיראמידען.

עס איז געווען אַ שעהנער אָריענטאַלישער פֿאַרנאַכט, פֿרייטאַג, יולי דעם 12־טען, 1918, ווען די שיף איז אַריין אין האַפֿען. מיר האָבען אָבער ערשט געלאַנדעט צו מאָרגענס. גלייך ווי מיר זיינען שטעהען געבליבען, איז צוגעפֿאָהרען איין שיפֿעל מיט עגיפּטיאַנער אויף אָפּצונעהמען די פּאָסט, און האָבען אַלע מיט איין מאָל אָנגעפֿאַנגען צו שרייען און רעדען אין אַראַביש, אַ שפּראַך וועלכע מיר אַלע, מיט קליינע אויסנאַהמען, האָבען נישט פֿערשטאַנען, און האָבען זיך דערפֿון

האַרציג אַמוזירט. די נאַכט האָבען מיר נאָך צוגעבראַכט אויפ׳ן שיף, און אויף צו מאָרגענס, שבת, האָבען מיר געלאַנדעט און באַלד טאַקע אָנגעפילט די באַהן פון 3-טע קלאַסנע עגיפּ־טישע וואַגאָנען. איין שטונדע שפּעטער האָט זיך אונזער באַהן געטראָגען דורך דעם קאַנאַל־רייכען און זאַמדיגען מ צ ר י ם, און פערביי אונזערע אויגען האָבען געשוועבט עגיפּטישע דער־פלאַך מיט ליימענע הייזלאַך, ווי אויך פערמעס מיט פרוכט־גערטנער און פאַלמען וועלדער.

דאָ האָבען מיר צום ערשטען מאָל אין אונזער לעבען דערזעהען עגיפּטיאַנער, טראָגענדיג נאָך אברהם אבינו׳ס קליי־דער, און לעבענדיג אויפ׳ן אוראַלטען שטייגער. אויך האָבען מיר דאָ צום ערשטען מאָל דערזעהען די בעוואוסטע קעמעל־קאַראַוואַנען, וואָס שפּאַנען דורך טויזענדער מיילען פון וויסטע, ווי אויך איין קליינינקער אייזעלע אויף וועלכען דער אַראַבער רייט פון, און אין, פעלד אַריין. אַ הייסער מדבר־ווינד האָט געווייהעט דורך די אָפענע פענסטער פון וואַגאָן, און האָט אויף אונז אַרויף געיאָגט נישט ווניג זאַמד און שמוץ. געגען אַ 2 שטונדיגע רייזע האָב איך אַרויס קוקענדיג דערזעהען, אין דער ריכטונג וואו מיר זיינען געפאָהרען, אַזוי ווי צוויי ריזיגע שטייגלאַך היי, און וועלכע איך האָב גלייך דערקענט די פיראַמידען לויט ווי איך האָב זיי געזעהען אין אַ אילוסטרירטע געאָגראַפיע. מיר זיינען שוין געווען נישט ווייט פון דער עגיפּטישער הויפּט־שטאָדט ק אַ י ר אָ, און ביי איינער פון די קליינע סטאַציאָנען וואָס האָט געהייסען על־מיהע איז אונזער באַהן געבליבען שטעהען.

אויסגעליידיגט די וואַגאָנען האָבען מיר אין דרויסען פאַר זיך דערזעהען איניגע רייטענדע אָפיציערען, צווישען וועלכע עס איז געווען אונזער נייער ק אָ ל אָ נ ע ל מ אַ ר ג אָ ל י ן, איין טיפּיטשנער מיטעל־געוויקסיגער איד, מיט איין גלאַט־ראַזירטען פנים. דאָס זיינען זיי אונז געקומען מקבל פנים זיין

און פיהרען אין לאַגער. אונזער אָפיציער האָט אונז אויסגע־שטעלט אין מיליטערישער אָרדנונג און מיר האָבען באַלד אַוועק מאַרשירט. אונזער ווייס־בלויע פאָהן האָט זיך געשפּיגעלט אין די שטראַהלען פון דער אָריענטאַלישער זון, און די אָפיציערען זיינען געריטען פאָראויס.

אונזער לאַגער האָט געהייסען מיט'ן זעלבען נאָמען ווי די סטאַנציע וואו מיר זיינען שטעהען געבליבען, און איז געלעגען ביין איין מייל אַוועק. אַריינקומענדיג אַהין, האָבען מיר דער־זעהען איין גרויסע צאָהל סאָלדאַטען אין אָריענטאַלישע יוניפאָרמען אָהנע רעקלאַך, אויסגעשטעלט אין שעהנער מילי־טערישער אָרדנונג אין לאַנגע רייהען ביים זייט פון וועג. מיר האָבען זיך אָפּגעשטעלט פונקט געגען איבער דיזער מחנה, און דער קאָלאָנעל האָט אונז פון זאָטעל אַדרעסירט אין אַן ענגליש מיט אן העכסט אידישען אַקצענט, געבענדיג אונז „ווילקאָמען." ענדיגענדיג זיין רעדע, האָט אויף זיין וואונק, די גאַנצע מחנה געגעבען אַ דונער אַרויס אַ „הוראַ," אַז מיר האָבען געמיינט אַז מיר וועלען טויב ווערען...

צווישען דיזע הוראַ געשרייען האָבען מיר אויך דערהערט אַ „הידד" (העברעאישער הוראַ), דאָס האָט אונז שטאַרק גע־וואונדערט. מיר האָבען זיך דאַן געפונען מיט'ן ערשטען האַלבען פון 39־טען באַטאַליאָן, וועלכער איז בעשטאַנען פון לויטער ענגליש־אידישער יונגע לייט, איך האָב אָבער צו גוט געקענט מיינע ענגליש־אידישע חברים נאָך פון פלימוטה וואָס פאַר אַ פערבּרענטע אידישע נאַציאָנאַליסטען און איבערהויפט העברעער זיי זיינען... דאַן פון וואַנען נעהמט זיך טאַקע דער „הידד"? און באַלד האָבען מיר זיך דערוואוסט, אַז מיט אַ וואָך פריהער זיינען אַהער אָנגעקומען אַ 800 פרייוויליגע פון ארץ ישראל וועלכע פאָרמירען זיך אין איין ספּעציעלען ארץ־ישראל באַטאַליאָן.

וואָס דאָ האָט זיך נאַכהער אָפּגעטהאָן איז פאַר דער



דער 40־טער אידישער באַטאַליאָן (א"י) ביי שבת'דיגע גאָטעס דיענסט אין חיפה 1918-1919

פען שווער צו בעשרייבען. דער לאַגער איז בעשטאַנען פון לייווענטענע געצעלטען, און מען האָט אונז טאַקע באַלד צוטהיילט צו 8 פערזאָן אין יעדען געצעלט, און צוואָרפען צוביסלאַך אין יעדען קאָמפּאַניע פון באַטאַליאָן. ביז אַהער זיינען מיר געווען איין גרופּע, און יעצט האָט דיזער גאַנצער לאַגער מיט זיך פאָרגעשטעלט דעם גאַנצען 39־טען אידישען באַטאַליאָן, R.F. (לויט די דינים און רעגולאַציאָנען פון זיין מאַיעסטעט דעם קעניג, בעשטעהט איין ברוטישער באַטאַליאָן אין מלחמה־צייט פון 1100 סאָלדאַטען, איין קאָלאָנעל וועלכער איז קאָמאַנדיר פון באַטאַליאָן, 8 קאַפּיטאַנען, 16 לייטענאַנטען, און פילע נישט־קאָמיסיאָנירטע בעאַמטע (בענדעלדיגע). דער באַטאַליאָן ווערט צוטהיילט אין C.B.A. און D. קאָמפּאַניעס, מיט 2 קאַפּיטאַנען און 4 לייטענאַנטען אין יעדער קאָמפּאַניע, דאַן ערשט ווערט יעדע קאָמפּאַניע צוטהיילט אין 4 פלאַטונען, און אויף יעדען פלאַטון איז דאָ איין לייטענאַנט מיט איניגע בענדעלדיגע בעאַמטע). אַלזאָ געקריגען דירות און באַזונאַצעט אין די קאָמפּאַניעס, האָט מען קודם אונז געפיהרט אין בודקעס מיט שטרויענע דעכער, וועלכע זיינען געווען די עסע־צימער פון לאַגער, און דאָרט האָבען מיר געקריגען אַ געשמאַקען מיטאָג. נאָך מיטאָג האָט מען אונז געפיהרט אין די שפּריץ־בעדער, וועלכע זיינען ספּעציעל איינגעריכטעט געוואָרען אין לאַגער, און האָבען טאַקע איינוועגס דאָרט וואַגאָנען מיט שמוץ פון אונז אַרונטער געשווענקט. ערשט נאָך דעם אַלעמען האָבען מיר זיך געקענט אַרומזעהען וואו מיר האַלטען אין דער וועלט.

אין אונזער נייעם לאַגער זיינען געשטאַנען אַ הונדערט ווייסע לייווענטענע ביידלאַך, 6 בודקעלאַך און איין גרויסע הייזעל, אין וועלכען מען פלעגט זיך אַמוזירען נאָך דער אַרבייט, און דאָס אַלעס איז געשטאַנען אויף אַ גרויסען זאַמדיגען שטח,

א 10 מינוט גאַנג פון דער בעריהמטער שעהנער שטעדטיל העליאַפּאָליס, נישט ווייט פון קאַירא. אונזער לאַגער האָט דאַן מיט זיך פאָרגעשטעלט איין ריכטיגען קבוץ גליות, ווייל דאָרט האָט איהר דאַן געקענט הערען רעדענדיג אידיש, העברעאיש, אַראַביש, רוסיש, אַרמעניש, גרוזיניש, ענגליש, פראַנצויזיש און שפּאַניש, איין אמת'ער בבל. אונזערע אַמע־ריקאַנער האָבען צווישען די ארץ ישראל'דיגע געטראָפען זעהר פיעל אַלטע מיטקעמפּפער אונטער דער ברענענדיגער ארץ ישראל זון, און געוועהנליך האָט מען זיך ברידערליך אַרום געהאַפּט, געקושט זיך און געוויינט פאַר פרייד...

מיר האָבען זיך זעהר שנעל אַקלימאַטיזירט. איינינגע טעג האָט מען אונז געלאָזען זיך אויסרוהען, דאַן האָט מען מיט אונז ווידער אָנגעפאַנגען איבערצוחזר'ן די זעלבע למודים, וועלכע מיר האָבען געלערענט נאָך אין ענגלאַנד, ווי אויך אַנדערע נייע. אַזוי צום ביישפּיל, האָט מען אונז געלערענט ווי אַזוי צו אַטאַקירען דעם שונא'ס פּאָזיציע ביי דער נאַכט, אויך ווי אַזוי צו אַוואַנסירען אין בערגיגע פּלעצער, געהן אויף אַ האַנד צו האַנד געפעכט, וואַרפען באָמבעס, א. ז. וו. מיר האָבען דאָ געטראָגען אונזערע אָריענטאַלישע יוניפאָרמען מיט די הויזלאַך איבער די קניע, ווי שוהלע קינדער. אַזוי אַרום פלעגען מיר זיך ביי די למודים, ווען מען פלעגט דאַרפען פלוצלינג זיך אַ לייג טהאָן מיט דער ביקס אויף דער ערד, זיך קאַלעטשען און פערוואונדען די פיס מיט די טויזענדע שטיינ־דעלאַך, קלענערע און גרעסערע, וואָס זיינען פול געווען אין זאַמד. אַזוי אַרום האָב איך זיך טאַקע איינמאָל אָבגעהאַלטען אַריבער אַ מאָנאַט מיט אַ פערוואונדעטע קניע. דאָס האָט מיר אָבער פון מיין טעגליכע אַרבייט נישט אויסגעלייזט, און איך פלעג פאָרטזעצען מיינע למודים ליידענדיג גרויסע שמערצען.

דעם שבת, אַ וואָך נאָך אונזער אָנקומען, האָט די קאַירא'ר אידישע קהלה פעראַנשטאַלטעט פאַר אונז אַ קבלת פנים, אין

איינעם פון אַ איטאַליעניש־אידישען גביר'ס גאָרטען. מיר האָבען אַריין געמאַרשירט אין שטאָדט אונטער די טענער פון אַ מי־ליטערישען אָרקעסטער, און דורך די שעהנע גאַסען פון דער הויפט־שטאָדט, און פערביי מאַרשירענדיג איינעם פון די רייכסטע האָטעלען, האָט מען פון אונז גענומען קינעמאָטאָ־גראַף בילדער. אידישע חנ'ווריגע טעכטער, דעם גביר'ס אַריין גערעכענט, האָבען אונז סערווירט מיט גוטע זאַכען, און איינער פון גביר'ס קרובים האָט פאַר אונז געשפּילט פידעל, און מיר האָבען זיך באמת פיין אַמוזירט.

אַלס אַ שוהל פאַר יעדען שבת האָט אונז געדיענט אַ גרויסע געביידע, האַלב הויז האַלב געצעלט, וועלכע איז גע־שטאַנען האַרט נעבען הע לי אָ פּאָ לי ס. אַהין פלעגען מיר עס מאַרשירען יעדען שבת, אָבער שוין אָהן מיוזיק, ווייל מיר האָבען עס דאָ נישט געהאַט. דערפאַר אָבער האָבען מיר פערמאָגט אַ קאָנצערט פּאַרטיע, וועלכע פלעגט אונז זעהר אָפט אַמוזירען אין די לעדיגע אָווענד שטונדען. יעדען שבת נאָך דעם שוהל־פּאַראַד (אַזוי האָט עס זיך גערופען) פלעגט יעדערען ערלויבט ווערען צו געהן אין שטאָדט, און פער־ברייגגען אויף וואָס פאַר איין אַרט יעדער האָט פערשטאַנען. איך זעלבסט האָב ביי דיזע געלעגענהייטען בעזוכט אַ היבש ביסעל היסטאָרישע רייכטהימער פון דעם אַלטען מצרים. אַזוי אַרום האָב איך בעזוכט די פּיראַמידען און ספינקס, דעם עגיפּטישען מוזעאום, וואו עס ליגען די מומיעס פון דער פּרעה דינאַסטיע, די אַלטע עגיפּטישע סקולפּטור, דעם רמב"ם'ס שוהל אין דער אַראַבישע־אידישער אָפּטהיילונג פון שטאָדט, זוי אויך דאָס שעהנע שטעדטיל הע לי אָ פּאָ לי ס מיט איהרע וואונדערבאַר שעהנע געביידען און רייכער אַרכיטעקטור, בע־וואוסט אין דער וועלט אַלס די ווייסע שטאָדט פון עגיפּטען.

די וואָכיגע אָווענדען פלעגען מיר פערברייגגען אין דער גרע־סערער געביידע פון לאַגער, וועלכע איז געווען אַ Y.M.C.A.

הויז, וואו מיר פלעגען פעראַנשטאַלטען פאָרלעזוננגען, לעקציעס, פאָרשטעלונגען, געזאַנג, ווי אויך האַפען אַ איבערבייס, אָדער עטוואָס וואַרימעס צום טרינקען.

* אונזער נייער מיידזאָר האָפּקינס, אַ וועלשער ענגלענדער, איז שטאַרק פעראינטערעסירט געוואָרען אין די ארץ ישראל'דיגע. ער האָט זיך גענומען פלייסיג צו העברעאיש, און איז געגאַנגען אויף אַזוי ווייט דאָס ער האָט געפּרובירט איייניגע מאָל, ביים שוהל פאַראַד, געבען זייער אָפּטהיילונג די קאָמאַנדע אין העברעאיש; געוועהנליך האָבען מיר איהם אַלע ליעב געקריגען.

איין מאָנאַט נאָך אונזער אָנקומען איז אָנגעקומען אַ בעפעהל פון הויפּט קוואַרטיר, אַז דער ערשטער האַלבער באַטאַליאָן זאָל אָפּגעהען נאָך ארץ ישראל, ווייל זיי האָבען שוין געהאַט 6 מאָנאַטיגע איבונג. דער קאָלאָנעל מאַרגאָלין וועלכער איז אַוועק מיט זיי, האָט יענעם שבת געהאַלטען אַ ערענסטע רעדע פאַר אַלע פעראַזאַמעלטע אין שוהל. מיט אונז איז געבליבען דער מיידזאָר אַלס קאָמאַנדיר אויף נאָך עטליכע וואָכען אויף צו ענדיגען, אַזוי צו זאָגען, אונזער שטודיום. מיר האָבען דאָ נישט ווייט פון לאַגער, אַ דריטען מאָל אויסגעהאַלטען דעם עקזאַמען פון שיסען, וועלכער האָט זיך געצויגען עטליכע טעג. דעם עקזאַמען פון גאַז האָבען מיר דורכגעמאַכט נאָך אין ענגלאַנד, דאָך האָט מען געבראַכט איייניגע גוי'אישע אָפיציערען ספּעציעל פאַר אונז, אונז צו געבען אַ לעקציע איבער גאַז אַטאַקע און פערהיטונג דערפון, מחמת מען האָט ערפאַהרען פון איייניגע טערקישע געפאַנגענע, אַז די דייטש־טערקען גרייטען זיך צו פּרובירען אַ גאַז אַטאַקע אין קומענדען פעלד צוג, טראָץ דעם וואָס זייערע פריהערדיגע איייניגע פּראָבעס זיינען דורך געפאַלען (ארץ ישראל איז נישט מסוגל צו אַזאַ אַטאַקע, מחמת גאַז אַלס שווערע מאַסע מוז געהען מיט דער ערד'ס איבערפלעכע אויף אָנצומאַכען אַ שאָדען אין שונא'ס

לאגער, וועהרענד דאָ און אין ארץ ישראל איז די לופט אזוי טרוקען אז דאָס הויבט זיך גלייך אויף אין דער הויך).

דעם שבת פאר אונזער אָפּגעהן, איז געווען ביי אונז צו גאַסט וולאַדימיר זשאַבאָטינסקי, וועלכער איז געווען לייטענאַנט פון 38־טען אידישען באַטאַליאָן וואָס האָט זיך דאַן געפונען אויפ׳ן פראָנט ביי ש כ ם. זשאַבאָטינסקי האָט נאָכ׳ן דאַווענען געהאַלטען פאר אונז אַ ערענסטע ערמוטהיגענדע רעדע אין העברעאיש. דאָס איז געווען דאָס ערשטע מאָל אין מיין לעבען וואָס איך האָב געזעהען דיזען זשורנאַליסט־ציוניסט און אָפיציער רעדענדיג, און מען מוז גלייך מודה זיין, אַז מען זעהט פאר זיך אַ מענשען מיט אַ אייזערנעם ווילען. אַלזאָ יענעם טאָג און אָווענד האָבען אונזערע פערפלייצט ק אַ י ר אָ , און אַזוי ווי דיזען מאָל זיינען מיר געגאַנגען דירעקט צום פראָנט, האָט מען אויף דעם סמך איבערגעקעהרט די שטאָדט קאַפּויר, און איבערהויפט האָבען חברה דאַן געשלאָסען גוט ברודערשאַפט מיט׳ן ביטערען טראָפען...עס איז דאַן ניט געווען איינער (אפילו איך זעלבסט) וואָס זאָל זיין אין גאַנצען ניכטער, און עס האָבען זיך יענעם אָבענד אָפּגעשפּילט אַ היבש ביסעל טראַגי־קאָמישע סצענען. איינער אַ מיטעל־יאָהריגער לעגיאָנער, וועלכער איז געווען אַ קאַפּיטאַנס דינער, האָט זיך שכור׳ערהייט אַריין געחאַפּט אין ביידעל, און וויסענדיג וואו דער קאַפּיטאַן האַלט זיין געלד, האָט ער אַרויס גענומען זיין בייטעלע און איז אַרויס פון ביידעל, און אָנגעפאַנגען שרייען: „אַהער חברה, איך וועל אייך געבען אייערע שכירות״. נאַטירליך האָט מען זיך באַלד געחאַפּט און עס אָפּגעשטעלט, און נאָך און נאָך עהנליכע סצענעס האָט מען זיך אָנגעזעהען דאַן ביי אונז אין לאַגער.

קומענדען מאָרגען זיינען מיר אויפגעשטאַנען פאר פריה. אָפּגעגעסען פריהשטיק האָט מען אונז אָפּגעשיקט צו די מיליטערישע מאַגאַזינען, וואו יעדער האָט געקריגען צו 120

קוילען און זאפאסנע מאטעריאל צום רייניגען די געוועהר, א קליינעביידעל וואס יעדער דארף טראגען אויפ׳ן פלייצע, צו־זאמען מיט׳ן געפעק, און נאך אזוינע קלייניגקייטען. איך זעלבסט בין בעשטימט געווארען אלס וואך־מאן איבער אונזער טראנס־פארט, וועלכער האט זיך געריהרט פריהער פאר דער מחנה. ביים סטאציאן האבען מיר ארויף געפיהרט די וועגען, די קוכנעס, פראוויאנט, די פערד און אייזלען אין די בעשטימטע וואגאנעס און זיך געזעצט ווארטען אויף דעם אנדער רעשטיל פון באטאליאן, וועלכער האט זיך בעוויזען א שטונדע שפעטער און אונזער פאהן האט שטאלץ געפלאטערט אויף איהר וועג נאך ארץ ישראל.

דער טאג איז געוועזען א פראכט און הייס, ווי אין אריענט. אונזערע אונטערפיהרער, די ארץ ישראל׳דיגע חברה, האבען אונז שטארק מקנא געוועזען און האבען ממש מיט טרעהרען געוויינט ווארום זיי קאנען נישט מיט אונז צוזאמען געהן נאך ארץ ישראל, מחמת זיי זיינען נאך געוועזען גרין, אזוי צו זאגען, אין „הלכות שחיטה". אלע חברה האבען זיך צוזעצט אין די וואגאנען, אין יעדען א בעשטימטע צאל סאלדאטען מיט בע־אמטע, און נאר די אפיציערען האבען געהאט א ספעציעלען ערשט־קלאסנעם וואגאן, וועלכער איז געשטאנען הארט נעבען לאקאמאטיוו.

XV.

## דורך׳ן מדבר מיט דער אייזענבאהן.

דאס איז געוועזען א זונטאג, דעם 25־טען אויגוסט, 1918, ווען די באהן האט זיך געריהרט האבען אונזערע בעגלייטער אונז געווונשען גליק און ערפאלג אין אלעס. א האלבע שטונדע שפעטער איז דער לאגער פערשוואונדען. מיר זיינען נאך פערביי געפאהרען די גרויסע עגיפטישע שטאדט איזמאליא, און דאן האט זיך פאר אונזערע אויגען ענטפלעקט דער אייביגער

זאַמדיגער מדבר, דורך וועלכען אונזערע אורעלטערען האָבען געמאַכט זייער 40־יעהריגען מאַרשרוט צום צוגעזאָגטען לאַנד. דער איינציגער אונטערשיעד בלויז צווישען אונז און זיי איז בעשטאַנען, וואָס זיי האָבען געוואַנדערט צופוס, אָהן אַ ספּעציעלען פּלאַן און קיין דירעקטער ליניע, זיינען מיר געפאָהרען אין אַ אייזענבאַהן, וואָס האָט דורכגעשניטען דעם מדבר אין איין גראַדע ליניע; מיט דער באַהן קומט מען איצט במשך 24 שעה קיין ירושלים. 5 שעה האָט די באַהן געשניטען דורך דעם מדבר אין אַ גראַדער ליניע מיט'ן סועץ־קאַנאַל און געגען נאָכמיטאָג זיינען מיר געבליבען שטעהען ביי אַ סטאַציע אויפ'ן סועץ מיט'ן נאָמען קאַנטאַראַ, וועלכע איז דאַן געווען דער גרעסטער צענטראַל־מיליטערישער פּונקט פון דער ברימישער אַרמעע אויפ'ן נאָהענטען מזרח־פראָנט. דער מיליטערישער לאַגער האָט דאָ ענטהאַלטען טויזענדער קלענערע און גרעסערע ביידלעך, ווי אויך הייזלעך וואו־נישט־וואו, און האָט זיך אויסגעשפּרייט אויף אַ שטח פון בערך 10 ענגלישע מייל. מען האָט אונז געהייסען פערלאָזען די וואַגאָנען, און מיר זיינען שטעהן געבליבען אויף אַ ליידיגען זאַמדיגען פּלאַץ, און דער קאָמאַנדיר פון יענעם לאַגער האָט אונז קוים בעוויליגט 15 געצעלטען, וועלכע מיר האָבען געקריגען אין איינעם פון די מיליטערישע מאַגאַזינען, און טאַקע זיי גלייך צונויפגעשטעלט.

איך מוז אַ ווייל אָפּשטעלען די געשיכטע און קאָנסטאַטירען אַ אונאַנגענעהמען פאַקט, מיט וועלכען מיר האָבען זיך אין אונזער ווייטערדיגער דיענסט געמוזט רעכענען, און וועלכער האָט ליידער שפּעטער, ווילענדיג אָדער נישט ווילענדיג, געמוזט ברענגען צו אַ גרויסען יאוש און פערביטערונג געגען אַלץ וואָס איז ענגליש.

ווי עס איז בעוואוסט איז אין 1917, אויף דער השתדלות פון זשאַבאָטינסקי'ן, געגעבען געוואָרען די אָפיציעלע ערלויבניש

פֿונ'ם ענגלישען קריגס־מיניסטעריום צו אָרגאַניזירען איין אידישען פּולק. די אַרבייט האָט זיך באַלד אָנגעהויבען מיט'ן אָרגאַניזירען דעם 38־טען באַטאַליאָן, און פֿאַר דעם צוועק איז ספּעציעל אַרויסגערופֿען געוואָרען קאָלאָנעל (פּול־קאָווניק) פּעטערסאָן, וועלכער האָט דאַן קאָמאַנדירט אַנ'־אירלענדישען באַטאַליאָן, און אַזוי ווי ער האָט שוין איינמאָל געהאַט קאָמאַנדירט ביי די דאַרדאַנעלען דעם בעריהמטען „ציון מויל־אייזעל קאָרפּוס", וועלכער איז בעשטאַנען פֿון בלויז אידישע יונגע־לייט, האָט מען איהם אָנפֿערטרויט די אַרבייט פֿון אָרגאַניזירען דעם אידישען רעגימענט. פֿון דער אויבערשטער רעגירונגס־מאַכט האָבען מיר געהאַט אַלץ פֿיקס־און־פֿאַרטיג פֿאַר דער אָרגאַניזירונג פֿון אַ גאַנצער אידישער בריגאַדע, מיט ספּעציעלע אידישע צייכענס. אָבער ליידער איז דורך דער השתדלות פֿון איינינע „מה־יפית אידען" פֿון דער אויפֿגעקו־מענער ענגליש־אידישער אַריסטאָקראַטיע בטל געוואָרען דער ספּעציעלער אידישער נאָמען, און אַנשטאָט דעם, וואָס זשאַ־באָטינסקי האָט געהאַט אַלץ פֿאַרטיג פֿאַר דער אָרגאַניזירונג פֿון 40,000 אידישע יונגע־לייט, האָט מען קוים אין 2 מאָ־נאַטען אָרגאַניזירט איין באַטאַליאָן, וועלכער האָט געהייסען 38־סטער אידישער באַטאַליאָן פֿון די קעניגליכע שיסער. אָבער דאָס אַליין איז שוין געווען אַ זיעג אַן־און־פֿאַר־זיך. שפּעטער, ווען אַ דעלעגאַציע פֿון סימפּאַטיקער פֿון „לעגיאָן" זיינען אַוועק צום קריגס־מיניסטער און איהם געפֿרעגט, וואָס וועט זיין מכח אַ ספּעציעלען אידישען נאָמען פֿאַר די פֿאָר־מירענדע באַטאַליאָנען האָט ער געענטפֿערט, אַז ביי איהם איז געווען אַ דעלעגאַציע וואָס האָט געזאָגט, אַז זי פֿערטרעט דאָס ענגלישע יודענטהום, און האָבען געפֿאָדערט אַז קיין ספּעציעלען נאָמען זאָלען די באַטאַליאָנען נישט טראָגען; האָט ער זיי צוגעזאָגט, אַז קיין ספּעציעלען נאָמען אָדער צייכען, וועל־בער זאָל זיי אונטערשיידען פֿון אַנדערע בריטישע באַטאַליאָנען,

וועט נישט געגעבען ווערען, און דערום מוז ער זיך האַלטען געוועהנליך ביים וואָרט, נאָר בנוגע איין פּרט האָבען זיי יאָ געקריגען זיין צוזאָג, אַז אויב דער באַטאַליאָן וועט זיך אַרויס־ציינגען און אויסצייכענען מיט עטוואָס, וועט ער שפּעטער טאַקע קריגען אַ ספּעציעלען נאָמען און צייכען. קורץ, פֿון די שניידערלאַך און שוסטערלאַך, וועלכע האָבען מעהר ווי אַ נאָדעל און אָהל נישט געקאָנט האַלטען, איז אַרויסגעוואַקסען אַ גוט־דיסציפּלינירטער באַטאַליאָן, וועלכער האָט מיט זיין אויסזעהן ביי אַלע מיליטערישע אינספּעקציעס און אין קריגס־מיניסטעריום שטאַרק אויסגענומען און מען האָט אָנגעהויבען שטאַרק זיך רעכענען מיט איהם.

דאן, פֿאַר דעם באַטאַליאָן׳ס אָפּגעהן קיין מצרים, איז אַ האַלבער באַטאַליאָן ספּעציעל איינגעלאַדען געוואָרען קיין לאָנדאָן אַדורכמאַרשירען איהרע הויפּט־גאַסען מיט בלויזע באַיאָנעטען, אַ כבוד וואָס ווערט נאָר געגעבען אין אויס־נאַהמספֿאַלען אין דער בריטישער אַרמעע. קורץ, פֿון קריגס־מיניסטעריום האָבען מיר געהאַט די גאַנצע אַכטונג און שטיצע, וואָס אַזאַ בעוועגונג האָט געפֿאָדערט, און אפילו די ערלויבניש צו מאַכען אַ אייגענע בריגאַדע. ליידער אָבער האָט זיך מיט׳ן קומען פֿון די אידישע באַטאַליאָנען קיין עגיפּטען די גאַנצע לאַגע געענדערט. די אַדמיניסטראַציע פֿון די עגיפּטישע מיליטע־רישע עקספּעדיציעס, איבער וועלכע גענעראַל אַלענבי איז געווען קאָמאַנדיר, האָט זיך אַרויסגעצייגט פֿאַר אַ שרעקליך אידען־פֿיינדליכע אין יעדער בעציהונג, און מיט דעם ערשטען טריט, וואָס מיר האָבען געשטעלט אויף עגיפּטישען באָדען, האָט מען אונז פֿערפֿאָלגט אויף שריט און טריט. איבערהויפּט האָט געליטען דער 38־סטער באַטאַליאָן אונטער דער קאָ־מאַנדע פֿון קאָלאָנעל פּעטערסאָן, אַ מענשען־פֿריינד מיט אַ ברייט האַרץ; אַליין זייענדיג אַ קריסט, קלאָגט ער אויף דעם גורל, אין וועלכען די אידישע באַטאַליאָנען זיינען אַריין

געפאַלען און וואָס זיי זיינען אויסגעשטאַנען פאַר רדיפות דורך דער צייט פון זייער דיענסט, הגם זיי האָבען זיך אויסגעצייכענט פאַר מוטיגע און בראַווע קריגער, ווען עס איז געקומען דער מאָמענט דערצו.

דערביי רעקאָמאַנדיר איך די יעניגע, וועלכע ווילען זיך בעקענען מיט די צרות און רדיפות, וואָס דער 38־סטער באַטאַליאָן איבערהויפּט איז אויסגעשטאַנען אַלס ספּעציעל „אידישער באַטאַליאָן" אונטער דער מיליטערישער אַדמיניסטראַציע פון עגיפּטען, זאָל לעזען קאָלאָנעל פּעטערסאָן׳ס בוך אין ענגליש (מיט די יהודה׳ער אינ׳ם פּאַלעסטינישען קאַמף), דאַן וועט ער קענען ריכטיג אָפּשאַצען, וואָס פאַר א קרבן עס האָבען געבראַכט די עטליכע טויזענד אידישע יונגע־לייט, וועלכע האָבען זיך אָפּגערופען אויפ׳ן „רוף פונ׳ם לאַנד" צו איהר בעפרייאונג.

די מיליטערישע אַדמיניסטראַציע אין עגיפּטען האָט זיך געפיהרט ווי אַ זעלבסטשטענדיגע ממשלה און האָט מיט אונז געטהון וואָס זי האָט געוואָלט, טראָץ די אינסטרוקציעס פונ׳ם לאָנדאָנער קריגס־מיניסטעריום.

איצט וועט דער לעזער פערשטעהן פאַר־וואָס פאַר בערך 500 מאַן זיינען אינגאַנצען בעוויליגט געוואָרען 15 געצעלטען, הגם די מיליטערישע מאַגאַזינען זיינען געווען איבערפולט מיט צעהנדליגע טויזענדער אונבענוצטע געצעלטען. און איצט קעהרען מיר זיך אום צום ענין.

אין קאַנטראַ האָבען מיר זיך אָבגעוואַלגערט עטליכע טעג אין שמוץ מיט ווייניג עסען און נאָך ווייניגער וואַסער, דערצו פלעגט מען אונז נאָך מושטירען עטליכע שעה יעדען טאָג און גוט אָפּמוטשען אויפ׳ן ניכטערען האַרצען. ענדליך האָבען מיר דאָנערשטאג, דעם 29־סטען, בעשטיגען אַ באַהן פון פראַכט־וואַגאָנען, אין וועלכע מען האָט אונז אָנגעפּאַקעוועט אונ׳ברחמנות׳דיג. ווידער האָט אונזער באַהן געשניטען דעם

זאַמדיגען מדבר, וואו־נישט־וואו פּלעגט זיך אויפ׳ן וועג בעוויזען אַ קליינער לאַגער מיטביידלאַך, פון וועלכע עס פלעגען אַרויסקוקען אויסטראַלישע סאָלדאַטען, וועלכע האָבען אונז געגריסט. דאָ און דאָרט פּלעגט זיך בעווייזען אַנ׳איינזאַמער וואַנדערענדער אַראַבער, אָדער אַנ׳איינזאַמער בערגעל מיט אַ צלם איבער איהם. מיט 3 יאָהר פריהער האָבען די ענגלענדער פון דער דאָזיגער געגענד אָנגעהויבען זייער מאַרש אויף ארץ ישראל. נישט איין אומגליקליכער איז דאָ געפאַלען, ווער פון הונגער, ווער פון דורשט, ווער פון פיבער און ווער פון אַ טערקישער קויל. אַ דאַנק יענע אומגליקליכע פאָהרען מיר איצט גלייך קיין ארץ ישראל מיט אַנ׳אייזענבאַהן, און זייערע עלענדע קברים זיינען צושפּרייט איבער׳ן גאַנצען מדבר. אָבער אָט — ענדליך! זיינען מיר אַריינגעפאָהרען אין ארץ־ישראל דורך וואַדי־על־אַריש, וואָס גרעניצט אָפּ עגיפּטען פון ארץ ישראל.

מיר זיינען געפאָהרען מיט׳ן ברעג פונ׳ם מיטעללענדישען ים. וואו־נישט־וואו האָט זיך בעוויזען אַנ׳אַראַביש דערפעלע מיט ליימענע הייזלאַך, און ווייטער אַרויף האָבען מיר דורכגעשניטען די פאַרצייטיגע בעריהמטע פלשתים־שטאָדט עזה, וועלכע איז היינט נישט מעהר ווי אַ קליין שטעדטעל. מיר זיינען געפאָהרען דורך אַ זאַמדיג פלאַכלאַנד, מיט אונבעדייטענדיגע בערגלאַך אויפ׳ן מזרח־האָריזאָנט. פּלוצלינג זיינען מיר פאַרבייגעפאָהרען 3 היבשע זאַמדיגע בערג מיט אַ טיפען טהאָל אין דערמיט, אין וועלכער עס האָט זיך געריטען אַנ׳אַראַבער אויף אַ קעמעל. דער גלאָק אויפ׳ן קעמעל האָט געקלונגען איינטאָניג, און דער אַראַבער האָט אונטערגעברומט אַ ליעדעלע.

דער אָריענט ווערט פאַר מיר ענטפּלעקט מיט זיין גאַנצע מאַכט און צויבער. מיינע געדאַנקען פליהען אויף די פליגלען פון פאַנטאַזיע.

דאָס לאַנד זעהט לוידער אויס וויסט און פערלאָזען. וואָס ווייטער אָבער מיר זיינען געפאָהרען, אַלץ שעהנער איז עס געוואָרען; די צאָהל אַראַבישע דערפלאַך האָבען זיך פער־מעהרט, און אין צפון־מזרח׳דיגען האָריזיאָנט האָבען זיך בע־וויזען די שטאָלצע קעפּ פון די אַלטע יהודה־בערג. פלוצלינג האָט די באַהן דורכגעשניטען אַ שעהן וועלדעלע פון יונגע אייקאַליפּטוס־בוימלאַך, וועלכע זיינען ערשינען פאַר אונז מיט איבערראַשונג, און אַביסעלע ווייטער האָבען מיר דערזעהן אַ גאַנצע רייהע פון פאָמעראַנצען־גערטנער מיט נאָך גאָר גרינע אומצייטיגע פאָמעראַנצען.

ווי איך האָב זיך שפּעטער דערוואוסט, האָט עס געהערט צו דער אידישער קאָלאָניע רחובות, וועלכע איז געשטאַנען אין אַ טהאָל און מיר האָבען זי מחמת דעם נישט אַרויסגע־זעהען. אַביסעל ווייטער זיינען ווידער אויסגעוואַקסען פאַר אונזערע אויגען אַ רייהע פון פאָמעראַנצען און מאַנדלען־גערטנער, און אונזער באַהן האָט דורכגעשניטען די אידישע קאָלאָניע באר־יעקב מיט איהרע ווייסע הייזלעך און רויטע דעכער, וועלכע זיינען געווען אַבסאָלוט פּאַלאַצען אין פער־גלייך מיט די אַראַבישע בלאָטיגע חורבות, אין וועלכע אַנ׳־אייראָפּעער וואָלט זאָגאַר זיינע חזירים נישט געוואָלט האַלטען. דאָס איז געווען די ערשטע אידישע קאָלאָניע, אויף וועלכער מיר האָבען געמאַכט אַ האַרציגע שהחיינו.

אַנ׳אונבעשרייבליכע פרייד האָט אונז אַלעמען דאַן אַרומ־גענומען; אונזערע הערצער האָבען העפטיגער אָנגעהויבען צו קלאַפּען. ענדליך, ענדליך איז מיין טרוים פערווירקליכט: „בשוב ה׳ את שיבת ציון היינו כחולמים". 20 מינוט שפּעטער איז די באַהן געבליבען שטעהן ביי לוד, די אַלטע ביבלישע שטאָדט, וועלכע איז איצט געווען אַ גרויסע בריטיש־מיליטער־רישע באַהן־סטאַנציע. שרעקליך צובראָכענע, אויסגעמאַטערטע, הונגעריגע און פערשטויבטע האָבען מיר פערלאָזען די וואַגאָנען

און מיר האָבען געשטעלט אונזערע ערשטע טריט אויף דעם באָדען פון ארץ ישראל.

ענדליך, אין דעם לאַנד פון אונזערע חלומות. אַ פרייטאג פאַרנאַכט, דעם 30־טען אויגוסט, 1918, איז עס געווען. דער טאָג איז געווען אַ שרעקליך הייסער, דער קאָפּ האָט שטאַרק וועה געטהון און דערצו זיינען מיר נאָך געווען שטאַרק אויס־געהונגערט. מיר האָבען געהאָלפען אַרונטער שלעפען די טראַנספּאָרט־וועגען, פערד, די קיך און זיי אויסגעשטעלט אויף דער זאַמדיגער פּלאַטפאָרם. אונזערע קיך־מענשען האָבען דאַן געקאָכט טיי, און יעדער האָט געקראָגען אַ כזית ברויט מיט אַ זופּ טיי, אַזוי ווי צום יוצא־זיין, און געוועהנליך האָט עס דעם הונגער נישט געשטילט. אַ שעה שפּעטער האָט מען אונז געהייסען אָנטהון די געפּעק און מיר האָבען אַוועקגעמאַרשירט אין הייסען ארץ ישראל זאַמד. 10 מינוט האָב איך זיך ווי־עס־איז מיט די לעצטע אָנשטרענגונגען געהאַלטען, און ביים ערשטען אָפּרוה בין איך געפאַלען ווי אַ קלאָץ, מחמת איך בין געווען מיעד, הונגעריג, צובראָכען און ערשעפּט, און איך בין נאָך נישט צוגעוועהנט געווען צו דער שטאַרקער א"י־זון. אַ פאַרביי־פאָהרענדער רויטער קרייץ אַמבולאַנס האָט מיר אויפגענומען, מיר אָפּגעפיהרט אַנ'ערך אַנדערטהאַלבען מייל העכער אויפ'ן שאָסע יפו—ירושלים, און מיר אַראָפּגעלאָזען אויף אַ פּלאַץ, דורך וועלכען דער באַטאַליאָן האָט געדאַרפט אָנקומען. אונטער דער צייט בין איך אַביסעל געקומען צו זיך, און אין אַ האַלבע שעה שפּעטער האָט זיך בעוויזען דער באַ־טאַליאָן. איך האָב זיי איצט געקענט גוט בעטראַכטען.

אַלע זיינען געווען בעדעקט פון קאָפּ ביז די פיס מיט אַ דינעם שטויב און האָבען געאָטעמט שווער. איך בין אַריין צוריק אין מיין רייהע. 2 מייל העכער, האַרט נעבען אַנ'־אַראַבישען דערפעל מיט'ן נאָמען סאַראַפענד, האָבען מיר אַריינגעקלאפּט אונזערע געצעלטען אויף אַ נאַכט־לאַגער. דאָס

איז אַלזאָ געווען אונזער לאַגער נומער 1 אין ארץ ישראל. די זון האָט זיך געהאַלטען אין זעצען און פערשווינדען, און ווען דער לאַגער איז געווען פיקס־און־פאַרטיג האָט מען זיך צו־זעצט אויף דער וואַרעמער ערד אָפּרוהען. אַ האַלבע שעה שפּעטער איז אָנגעקומען אונזער טראַנספּאָרט, וועלכער האָט געהאַט געפיהרט אונזער פראָוויאַנט מיט די קאָלדרעס, און די פאָהרענדע קיך האָבען אונטערוועגס געקאָכט טיי, וועלכע איז פאַרטיג געוואָרען ווען עס איז שוין געוואָרען גוט טונקעל.

די נאַכט איז געווען אַ שעהנע, דער הימעל לויטער, מיט מיליאָנען פינקעלדיגע שטערען, און אַ קיהל ווינטעלע האָט אונז ממש מחיה געווען נאָך אזא הייסען טאָג. יעדער האָט דאַן געקריגען אַ טעפּעלע טיי מיט אַ קליינער פּאָרציע ברויט, און מיט דעם האָט מען זיך געלייגט שלאָפען, דער־פאַר איז ביינאַכט געווען גוט קאַלטלעך.

אויף צו־מאָרגענס, שבת פריה, אויפעפענענדיג אונזערע אויגען, האָבען מיר דערזעהן אין אונזער לאַגער אַ גרויסע צאָהל פון ציווילע יונגע־לייט, מיידלעך, מענער, פרויען און קינדער, געקליידעט מייסטענס אויפ׳ן רוסיש־אידישען שטייגער, אין רובאַשקעס מיט קוטאַסען און שטיוועלעך. דאָס זיינען געווען די איינוואוינער פון די אַרומיגע אידישע קאָלאָניעס, וועלכע, דערהערענדיג אַז די אַמעריקאַניש־אידישע לעגיאָנערען זיינען דאָ אָנגעקומען, איז מען געקומען זיי מקבל פנים זיין. דער ערשטער האַלבער באַטאַליאָן בעשטעהענד פון ענגליש־אידישע יונגע־לייט, וועלכע זיינען אַוועק אַ חודש פאַר אונז, און וועלכע האָבען בעזוכט די אידישע קאָלאָניעס, האָבען, וויזט אויס, נישט געמאַכט קיין בעזונדערען רושם אויף דער אידישער בעפעלקערונג, מיט זייער אַנגלאָ־זאַקסישער קאַלט־קייט, אָהן לעבען און שטאַרקען פּעסימיזם. דערפאַר האָבען זיי אין אונז געפונען דאָס וואָס זיי האָבען ערוואַרט: מענשען מיט טעמפּעראַמענט, הייס בלוט, נאַציאָנאַליזם, און שטאַרקער

No 2

**DETACHMENT JEWISH BATTALION.**

Routine Orders.

1/ PARADES:-

N.C.O's Classes. Physical Training (Under Sgt. Salzedo, S.L.) 10 a.m.

Drill ( " " Spuer, S.M.) 11 a.m.

Recruits will parade at 4.30 p.m. at Beth Sepher Lebanoth. All must attend.

All men not yet medically examined will parade before the Medical Officer at 9 a.m. 27th inst.,

All men not yet approved by Colonel Fergusson, C.M.G. will parade outside the Recruiting Office at 4 p.m. 27th inst.,

Sick Parade. at 8.45 a.m. under L/Cpl. Gillis, L.

2/ GENERAL ROUTINE:-

Discipline. It is observed that Recruits attend parades unshaven. Routine Order No.2 of the 25th inst., must be strictly adhered to.

Meal Hours. Recruits must attend meals punctually; those parading late will not be served.

Tel-Aviv, Wednesday,
26th June, 1918.

[signature] 2/Lieut.
39th. Royal Fusiliers

הגדוד העברי.

פקדות הסדר:

א) שעורים. מחלקת N.C.O.'s שעור התעמלות. (בהנהלת הסרג'נט ס.ל. סלזידו) בשעה ה־10 לפני הצהרים.

תרגילי צבא (בהנהלת הסרג'נט פ.מ.ספר.) בשעה ה־11 לפני הצהרים.

כל המתנדבים צריכים לבא לבית־הספר לבנות בשעה 4.30 אחרי הצהרים.

כלם צריכים לבא.

כל המתנדבים, שלא נבדקו עדין ע"י הרופא, צריכים לבא בפני הרופא הצבאי, בשעה 9 לפני הצהרים, ביום ה' - י"ז תמוז.

---

כל המתנדבים, אשר לא התיצבו עדין בפני הקולונל פרגוסון C.M.G. צריכים לבא על יד משרד ועדת הגיוס בשעה 4 אחה"צ, י"ז תמוז.

חולים. חולים מתאספים בשעה 8,45 לפני הצהרים תחת הנהלת הקורפורל ל. גליס.

ב) חקי־הסדר הכללים.

חקי משמעת: מתנדבים רבים באים לשעורים בלתי־מגלחים. חקי המשמעת מיום ג', ט"ו תמוז, צריכים להמלא בדיוק.

זמני הארוחות: המתנדבים צריכים לבא בדיוק. המאחרים לא יקבלו ארוחה.

תל־אביב, ט"ז תמוז, תרע"ח. (חתום) ח.וואלפנסון.

EARLIEST ROUTINE ORDERS ISSUED IN PALESTINE TO RECRUITS OF THE 40TH (PALESTINIAN) ROYAL FUSILIERS.

אפטימיזם פאר ארץ ישראל. באלד האבען מיר זיך דער־
וואוסט, אז אונזער לאגער ליגט סך־הכל א האלבע שעה גאנג
פון דער אידישער קאלאניע ראשון לציון.

XVI.

# אין ראשון לציון.

דעמזועלבען נאכמיטאג האט אונז דער מאיאר ערלויבט
צו געהן בעזוכען די קאלאניע, מיט'ן בעדינג צו קומען אויף
דער נאכט אין לאגער אריין. געוועהנליך, האבען מיר איהם
פערזיכערט, אז אנדערש קען עס נישט זיין, און אין בעגלייי־
טונג פון אונזערע ציוויליע ברידער האבען מיר זיך אוועקגע־
לאזט צו די ארומיגע קאלאניעס. ביי דער געלעגענהייט האב
איך מיטגענומען מיין פידעל און זי איבערגעלאזט אינ'ם ער־
שטען הויז פון ראשון לציון לפקדון, ביז עס וועט מיר בעשערט
זיין זיך צוריקצוקעהרען א לעבעדיגער.

ראשון לציון איז אונז געפעלען אלס אמת'ער גן עדן אין
מיטען א פערלאזענעם מדבר. דאס הארץ איז דאן אנגעפילט
געווארען מיט טיעפער פרייד און בעגייסטערונג. אט דערזעהן
מיר א שעהנעם געזונדטען 15־יעהריגען אידישען אינגעל,
רייטענדיג אויף א פלינקען אראבישען פערדעל, זיין קאפ
האלט ער שטאלץ אהן מורא. אידישע שווארץ־חנ'עווידיגע
טעכטער געקליידעט געשמאקפול לכבוד שבת שפאצירען אין
די אייקאליפטוס־אלעען און אין די גערטנער, און אביסעלע
וויי טער דערזעה איך א ברכה (סאזשעלקע) פול מיט נאקעטע
5—6 יעהריגע אידישע קינדערלאך, וועלכע שווימען און מאכען
אלערליי קונצען אינ'ם וואסער, און אט דאס אלץ, וואס מיר
האבען איצט געזעהן, שטעלט מיט זיך פאר א געזונטען צו־
קונפטיגען דור אין אונזער לאנד.

דערזעהן אידישע סאלדאטען האט מען זיי איינגעלאדען

אין די הייזער און גערטנער, און מען נעהמט זיי אויף מיט'ן שעהנסטען און בעסטען. מיר זיינען דאָך די יענינע, וועלכע געהען געבען אונזער בלוט פאַר'ן לאַנד. זיי דערצעהלען אונז ווי שווידערליך זיי האָבען געליטען אונטער דעם מיליטערישען דרוק פון די טערקען, ביז עס זיינען געקומען די אויסטראַליש־ניו־זעלאַנדישע חיילות און זיי געראַטעוועט פון בוכשטעבליכען אונטערגאַנג. מען האָט אונז דערצעהלט, אַז נעבען דער קאָלאָניע, אויף אַ קליינעם בית־עולם, ליגען 28 אויסטראַלישע און ניו־זעלאַנדישע העלדען, וועלכע זיינען געפאַלען ביים איינגעהמען די קאָלאָניע, און די דאָזיגע קברים פון זיהן פון אַ ווייטען פאָלק און לאַנד, וועלכע האָבען זייער בלוט געגעבען פאַר ארץ ישראל, זיינען פערהייליגט געוואָרען ביי די אידען פון דער קאָלאָניע. זעהר אָפט ווערט דער דאָזיגער בית־עולם בעזוכט פון דער גאַנצער קאָלאָניע, וועלכע לייגט אויף די קברים בלומען־קראַנצען. דאָס וואָס מיר האָבען זיך אָנגעהערט קלינגט ווי מעשיות פון טויזענד מיט איין נאַכט, דאָס זיינען אָבער נישט געווען קיין לעגענדעס, נאָר ווירקליכקייטען.

אין און אַרום ראשון לציון זיינען געשטאַנען אויסטראַליש־ניו־זעלאַנדישע סאָלדאטען, וועלכע האָבען זיך ברידערליך צוזאַמען געלעבט מיט די אידען פון דער קאָלאָניע. מען דערצעהלט אונז אויך, אַז ווען זיי זיינען אָנגעקומען און דערזעהן די אייקאַליפּטוס־בוימער, האָבען זיי זיך שטאַרק דערפרעהט, מחמת דאָס האָט זיי דערמאָהנט אָן זייערע אויסטראַליער היימען, פון וואַנען דער דאָזיגער בוים שטאַמט. דער אויסטראַליער איז אַ הויך־געוויקסיגער, פיזיש־שטאַרקער, איינפאַכער און שעהנער טיפּישער אַנגלאָ־זאַקס, אָהן אַ סימן פון אידען־האַס, וואָס איז דער פאַל מיט די אייראָפּעאישע אנגלאָ־זאַקסען, און ווילענדיג אָדער נישט ווילענדיג מוז מען זיי ליעב קריגען ווען מען קומט אין נעהנטערער בעריהרונג.

מיט זיי... אין דער ווייטערער געשיכטע פון לעגיאָן זיינען מיר געווען בעהעפט צו אַ אויסטראַלישער דיוויזיע. זייענדיג אינ׳ם עמק הירדן זיינען מיר געשטאַנען אונטער דער קאָמאַנדע פון זייער אויבער־קאָמאַנדיר גענעראַל טשייטער, וועלבער האָט זיך אַרויסגעוויזען פאַר אַנ׳אמת׳ן פריינד צו די געפלאַגטע און גערודפ׳טע אידישע 2 באַטאַליאָנען אויפ׳ן פראָנט. ער איז געווען דער איינציגער קאָמאַנדיר, און זיין דיוויזיע די איינציגע, וועלכע האָבען אונז אמת־ברידערליך מיטגעפיהלט און געהאָלפען אויף וויפיעל זיי האָבען נאָר געקענט.

זונטאג איז מען אונזער לאַגער געקומען בעזוכען פון יפו, און חברה האָבען זיך יענעם טאָג ווידער אַוועקגעלאָזט צופוס צו די ווייטערדיגע קאָלאָניעס, ווי אויך קיין יפו, ווער מיט און ווער אָהן אַנ׳ערלויבעניש. אַ היבש ביסעל חברה, און איך בתוכם, האָבען יענעם טאָג בעלאַגערט דעם בעריהמטען ראשון׳ער וויין־קעלער, און יעדער האָט געקריגען צו גלעזלעך זיסען ארץ ישראל׳דיגען וויין. איין גלעזעל איז געווען גענוג מיר צו בעטויבען, מאַנכע אָבער האָבען זיך נישט בעגנוגענט, און אַזוי ווי אַלע יונים האָבען איין פנים, איז מען ווידער איין מאָל געשטאַנען אין דער רייהע צו 3 און 4 מאָל, ביז מאַנכע זיינען געבליבען ליגען אין מיטען גאַס טויט־שכור׳ע. געוועהנליך האָט עס די ערנסטערע חברים־לעגיאָנערען פערשאַפט עגמת־נפש, מחמת דאָס האָט געקענט מאַכען אַ פלעק אויף דעם גוטען איינדרוק וואָס מיר האָבען דאָ געמאַכט.

יענעם אָווענד, ווען מיר האָבען זיך אומגעקעהרט צום לאַגער, זיינען מיר פערקראָכען אין איישישאָק. אַ לאַנגע צייט האָבען מיר זיך אַרומגעדרייט, זוכענדיג דעם לאַגער, און צוגעקומען צוריק צום פלאַץ פון וואַנען מיר האָבען אָנגעפאַנגען, און ענדליך האָבען מיר בעשלאָסען צו בלייבען נעכטיגען דאָרט, וואו מיר זיינען. ערשט אויפ׳ן פריהמאָרגען האָבען מיר

בעמערקט אַז מיר געפינען זיך האַרט נעבען לאַגער, וועלכער איז געווען פערשטעלט פון אונז דורך אַ בערגעל.

אין אונזער לאַגער האָט געפלאַטערט שטאָלץ די אידישע פאָהן מיט איהרע ווייס־בלויע פאַרבען, און דאָס האָט אונז ספּעציעל אונטערשיידעט פון די צעהנדליגער מיליטערישע לאַגערן, וועלכע זיינען דאָ געווען פול אויף ווי וויט דאָס אויג האָט געקענט גרייכען.

3 טעג מיט 3 נעכט זיינען מיר דאָרט געשטאַנען; ערשט מאָנטאג דעם 2־טען סעפּטעמבער האָט מען אונז געהייסען צוזואַרפען דעם לאַגער און זיך גרייט מאַכען צו אַ לאַנגען מאַרש צופוס און מיט'ן פולען געפּעק אויף די פּלייצעס. אונזער לאַגער איז יענעם טאָג איבערפולט געווען מיט יונגוואַרג און עלטערע, וועלכע זיינען געקומען פון די אַרומיגע קאָלאָניעס אונז ווינשען „צאתכם לשלום". פּראָפעסאָר חיים ווייצמאַן מיט סעניאָר ביאַנקיני ז"ל (אַן'איטאַליעניש־אידישער פלאָטאָפיציער. אין 1920, ביים עוואַקואירען דאָס ברִיטישע מיליטער פון אָדרעי אין עבר הירדן, איז ער געהרג'עט געוואָרען דורך ווילדע בעדואינער אויף דער דאָרטיגער באַהן־סטאַציע) האָבען אונז בעגריסט יענעם טאָג אינ'ם נאָמען פון ועד־הצירים. מיר האָבען דאַן אָבגעריניגט דעם פּלאַץ און געמאַכט זיך רייזע־פאַרטיג.

## XVII.

# אַ שלאַכט־מאַנעווער אין די הרי־יהודה.

אַ שעהנער ארץ ישראל'דיגער פאַרנאַכט. אייניגע טעג פאַר ראש השנה איז עס געווען. 3 נאָכמיטאָג זיינען אַלע געשטאַנען גרייט צום אָפּמאַרשירען. מען האָט אונז דאַן געהייסען אָנטהון די געפּעק, און די געסט האָבען בעטראַכט יעדען ריהר אונזערען. מיר הויבען מיט די ביקסען און פאָכען מיט די היטלען, און פאַנגען אָן אונזער ווייטען און שווערען מאַרש.

דער מאיאר, וועלכער איז בערעכטיגט אלס קאמאנדיר צו רייטען, געהט אויך גלייך מיט אונז צופוס, און ביי לוד, וועלכע איז געווען 3 מייל ווייט פון אונזער פריהערדיגען לא־גער, האבען מיר זיך געשטעלט רוהען. די בריטיש־מיליטער־רישע געזעצען הייסען 50 מינוטען אין יעדער שעה מארשירען און 10 מינוטען רוהען.

דאן האבען מיר ווייטער געצויגען מיט דעם שאסעע יפו־ירושלים, פארביי מארשירענדיג ראמלעה, א בעריהמטער צענ־טער פון די אמאליגע קרייץ־צוגען, פון וועלכע עס איז בלויז איבערגעבליבען א האלב־צושטערטער הויכער טורעם. היינט איז ראמלעה אנ'אראביש גרויס דארף מיט בלויז אייניגע אי־דישע איינוואוינער.

די זון האט זיך געהאלטען אין זעצען, און פון פארענט האבען זיך בעוויזען אלץ בולט'ער די הרי־יהודה, דורך וועלכע אונזער מארשרוט איז געגאנגען. אויף יענער זייט ראמלעה זיינען מיר ווידער געבליבען שטעהען אויף א גאנצער שעה, און דער מאיאר האט געהייסען מאכען טיי. עס איז שוין געווען גוט פינסטער ווען מיר האבען ווייטער געצויגען, און פוןביידע זייטען שאסעע האבען זיך געלאזט הערען די וויינענדע קלאנגען פון די הונגעריגע שאקאלען. דאס איז א מין ארץ ישראל'דיגע פוקסען, וועלכע ליגען אין זייערע לעכער בייטאג, און ביינאכט לאזען זיי זיך ארוים זוכען זייער ברויט.

צוקומענדיג נעהנטער צו די בערג, האבען מיר געמוזט פערלאזען דעם שאסעע און זיך נעהמען אן א זייט אויף א ווילדען געפעהרליכען וועג, אויף וועלכען מיר האבען געמוזט געהן פארזיכטיג, צוליב די פילע גריבער און טהאלען וועלכע זיינען דארט פול געווען. אין איין פלאץ האט מען אפילו גע־מוזט זיך בענוצען מיט לאמטערנעס, כדי צו זעהען ווי ארי־בערצוגעהן. די פיס האבען ביי אלעמען אנגעהויבען זיך צו זעצען פון מיעדקייט, און דער מאיאר איז ארומגעלאפען פון

איין אָפּטיילונג צו דער צווייטער, מונטערענדיג און טרייס־טענדיג, אַז נאָך בלויז 2 ענגלישע מייל *) און מיר וועלען בלייבען שטעהן אויף נאַכט־לעגער. דאָס איז אָבער געווען נישט מעהר ווי אַ טרייסט. 22 ענגלישע מייל האָבען מיר איינגעמאַרשירט יענעם טאָג און אָוונד, און ווען מיר האָבען זיך ענדליך דאָך אָפּגעשטעלט אויף נאַכט־לעגער, בין איך פּילייכט געווען דער איינציגער וואָס האָט נישט געהאַט אויפּ־געלאָפּענע פּיס.

וואָס עס הייסט אָפּצומאַרשירען 22 מייל אין געבירגיגע פלעצער מיט אַ פעקעל אויף די פלייצעס, וואָס וועגט גוטע 80 פּונט, קען בעגרייפען בלויז אַ סאָלדאַט אויף אַקטיווען דינסט.

אויף מאָרגען האָט דער דאָקטאָר אונטערזוכט אַלעמענס פּיס, געהייסען אָנשמירען די זאָקען מיט זייף, און פאַרנאַכט האָט מען ווידער מאַרשירט מיט אויפגעלאָפּענע פּיס. אַזוי ווי מיר זיינען שוין געווען אינ׳ם האַרץ פון די בערג האָבען מיר יענעם פאַרנאַכט בלויז אָפּגעמאַרשירט 7 מייל, און האָבען אַריינגעקלאַפּט אונזער לאַגער אויף אַ שטיק פלאַכע לאַנד נעבען איינעם פון די ריזיגסטע יהודה־בערג.

כדי צו קריגען וואַסער האָט מען געמוזט פאָהרען מיילען וויט, און ווען דער טראַנספּאָרט־וואָגען פלעגט ענדליך אָנ־קומען פלעגט מען נאָך אייניגע שעה וואַרטען אין דער רייהע אונטער דער שרפה׳דיגער זון, זיך קוים דערשלאָגען צו אַזוי פיעל וואַסער וואָס איז בלויז גענוג געווען אויף צו בענעצען די פערשמאַכטע ליפּען. קיין איבעריג עסען איז אויך צוליב דעם מאַנגעל אין וואַסער נישט געווען, מחמת זופּ און טיי האָט מען דאָך אָהן וואַסער געוועהנליך נישט געקאָנט מאַכען.

---

*) אַן׳ענגלישער מייל איז קרוב 2 קילאָמעטער אָדער קנאַפּע 2 וויאָרסט.

די בערג, דורך וועלכע מיר האבען פארביימארשירט, זיינען פול געוועזן מיט ריזיגע פעלזען, און וועלכע עס פלעגען זיך בולט ארויסצייגען די רעשטליך פון צושטערטע חורבות פון אמאליגע שטעדט און דערפער. וואהרשיינליך, אז מיט טויזענדע יאהר צוריק איז דא געוועזן א גאנצע ציוויליזאציע, און אט פון די וויסטע בערג האבען עס אונזערע אונשטערבליכע מכבי'ער־העלדען אנגעפיהרט זייער קאמף פאר אידישער פרייהייט, דא געלעבט און דא געשטארבען, און אט די דאזיגע שטיינער האבען זעהר פיעל צו דערצעהלען, וואס זיי האבען זיך אנגעהערט און אנגעזעהען דורך די יאהר־טויזענדער פון זייער עקזיסטענץ, זיי בלייבען אבער שטום און האלטען דעם סוד אין זיך.

א גאנצען טאג מיט א נאכט זיינען מיר דארט געשטאנען, דאן האט מען ווייטער געצויגען א שטארקען בארג ארויף. דאס איז געוועזן פאר די שוין אזוי אויך אויסגעמאטערטע סאלדאטען, א שווערער נום צום צוקנאקען. דער מאיאר האט יעדען געמונטערט, און זעלטען־ווען איינער איז געבליבען הינטערשטעליג. ביי האלב וועג האט מען זיך געשטעלט רוּ־ הען, און דער מאיאר האט געהייסען מאכען טיי מיט צובייסען, און אפרוהענדיג זיך ביי א גוטער שעה האט מען ווייטער מארשירט. 17 מייל האבען מיר יענעם אוונד איינגעמארשירט. פילע זיינען אונטערוועגס הינטערשטעליג געבליבען, און ענדליך האבען מיר ארום 11 בייניאכט געלאגערט אין א טהאל צווישען 3 ריזיגע בערג, אין וועלכען עס האט זיך דאן געפונען דער לאגער פון ערשטען האלבען באטאליאן, קאמאנדירט פון אונזער קאלאנעל מארגאלין, וועלכער האט דארט געווארט אויף אונז, כדי גאנץ צו מאכען דעם באטאליאן. ארונטערגעווארפען אונזערע געפעק, האבען מיר טאקע אפגעאטעמט פרייער, און באלד האט מען צווישען אונז געטיילט טיי, וועלכע איז פערפערטיגט געווארען נאך פון פריהער, וויסענדיג

אז מיר קומען, און דערמיט האָבען מיר זיך געלייגט שלאָפען, מאַכענדיג דאָס בעסטע געלעגער, וואָס מען האָט געקענט אונטער די אומשטענדען.

אויפ'ן צווייטען טאָג האָט מען אונז געלאָזט רוהען, און אויף איבער־מאָרגען זיינען מיר געגאַנגען אויף פערשידענע שלאַכט־מאַנעווערן. אונזער לאַגער איז געשטאַנען אין אַ קייט פון 3 ריזיגע בערג מיט געפעהרליך גרויסע, שפיציגע פעלזען, פול מיט שטעכיגע דערנער. אַ געוויסען טאָג, דאָס איז געווען 2 טעג פאַר ראש־השנה, האָט יעדער פון אונזער קאָמפאַניע געקריגען אויסגעטיילט צו 15 שטיק לעבעדיגע קוילען, ווייל מיר האָבען געדאַרפט האָבען אַ מאַנעווערע מיט לעבעדיגע קוילען. דער טאָג איז געווען אַ הייסער, דערצו נאָך אין טהאָל, אין וועלכען קיין ווינטעלע איז נישט צוגעקומען. יענעם נאָכמיטאָג האָט מען אונז געהייסען פאַראַדירען אין לייכטער שלאַכט אָרדנונג, מיט דער ביקס און קוילען אויף די פלייצעס, און שטעהענדיג אין דער רייהע בין איך, משמעות פון אַ זונען־שטאָך, אַוועקגעפאַלען אין חלשות, אָבער 2 מינוטען שפעטער בין איך צוגלייך מיט די איבעריגע אַוועק צו דער כלומר'שטער אַטאַקע.

איידער מיר זיינען צוגעטראָטען צו דער אַטאַקע, האָט אונז דער קאַפיטאַן געוואָרענט, אַז היות מיר געהען האָבען צו טהון מיט אמת'ע קוילען, זאָלען מיר זיין זעהר און זעהר פאָרזיכטיג און אויספאָלגען ריכטיג די בעפעהלען. די אַטאַקע האָט געדאַרפט פאָרקומען אַ שטאַרקען באַרג אַרונטער, וועלכער איז פול געווען מיט ריזען־שטיינער און שטעכיגע דערנער, און אויפ'ן 2־טען באַרג פונקט געגענאיבער זיינען געשטאַנען עטליכע גרויסע גלאַנציגע קאַסטענס, וועלכע האָבען מיט זיך פאָרגעשטעלט דעם שונא, אין וועלכען מיר האָבען געדאַרפט צילען. די קאָמפאַניע איז צוטיילט געוואָרען אין 4 פליגלען, און יעדער פליגעל בעזונדער האָט געדאַרפט אַוואַנסירען

אונטער דעם שנעלען פייער פון די דריי הינטערשטע פליגלען. מיר האָבען דאַן געקריגען דעם בעפעהל אָנצולאָדען די ביקסען און פערנעהמען די געהעריגע פּאָזיציעס. אונזער רעכטער פליגעל האָט אַוואַנסירט צוערשט, אונטער דעם קראַכען פון אונזערע ביקסען, וועלכע האָבען געשפּיגען מיט אמת׳ען פייער. דאַן האָט אַוואַנסירט דער צווייטער פליגעל, אין וועלכען איך האָב זיך געפונען. מיר האָבען דאַן פערגעסען, אַז דאָס איז בלויז אַ מאַנעווורע, די בלוטען זיינען צוקאָכט געוואָרען, די נערוועז אָנגעשטרענגט, מיר לויפען פאָרווערטס, שפּרינגען אַרונטער 4—5 פוסיגע פעלזען און גיבען זיך אַ וואַרף אַרונטער נעבען אַנדערע שטיינער, אויף שפּיציגע דערנער, וועלכע זיינען אַריינגעקראָכען אין די נאַקעטע קניהען און אָנגעפאַנגען צו בלוטען. ווער קוקט זיך אָבער דאַן אום אויף אַזעלכע קלייני־ניגקייטען? איין קליינער אונפאָרזיכטיגער שריט צו לינקס אָדער רעכטס און מען פערשפּאַרט שוין די גאַנצע מיה פון געהן צום פראָנט... פון 20 ביז 25 מינוט האָט עס געדויערט, און ווען די אַטאַקע איז געווען צו ענדע, האָט אונז דער קאַפּיטאַן געלויבט, הלואי נישט ערגער דאָרטען... ערשט דאַן האָבען מיר זיך אַרומגעקוקט אויף אונזערע פערבלוטיגטע קניהען.

אויך אויף איינעם פון די אַנדערע בערג איז פאָרגעקומען אַ באָמבע־מאַנעווורע, און איינער האָט געכאַפּט אַ שטיק שראַפּנעל אין קניה, אָבער אָהן געפאַהר.

ערב־ראש־השנה האָט מען אויסגעקליבען צו קליינע צאָהל פון יעדער קאָמפּאַניע, אויף צו געבען אורלויב לכבוד די ימים־נוראים, און גליקליכערווייזע בין איך אויך געווען איינער פון די בערך 80 פערזאָן, וועלכע האָבען אונטער דער אויפזיכט פון אַ סערדזשאַנט אַוועקגעמאַרשירט קיין ירושלים, וועלכע איז געלעגען 12 מייל פון אונזער לאַגער. 3 מייל ביז׳ן אַראַבישען שטעדטעל מיט׳ן נאָמען ראַמאַלאַה האָבען

מיר דורכגעמאַכט צופוס און פון דאָרט זיינען מיר געפאָהרען מיט אַ טערקישער באַהן פון קליינינקע משא־וואַגאָנען ביז ירושלים. פון דער באַהן־סטאַציע האָבען מיר אַוועקגעמאַרשירט אין ירושלים'ער בית־העם (פאָלקס־הויז), וועלכער איז פער־וואַנדעלט געוואָרען פאַר אַ צייטווייליגער סאָלדאַטען־היים פאַר אידישער סאָלדאַטען, וועלכע קריגען אורלויב אויף יום־טוב. פאַרנאַכט־צו האָט מען אונז אַלעמען פערזאַמעלט אין הויף פון בית העם, וואו חוץ אונז האָבען זיך פערזאַמעלט זעהר פיעל ציווילע, און דער חכם־באשי און נאָך איינינגע עלטסטע פון דער ירושלים'ער אידישער קהלה האָבען אונז בעגריסט אין ענגליש און העברעאיש. נאָכדעם האָט יעדער געקריגען אַנ'אָנדענקונגס־קאַרטעל לזכרון, און צו לעצט האָט מען פאָטאָגראַפירט אַלע אָנוועזענדע. מיט עסען פאַר יום־טוב האָט אונז די שטאָדט פערזאָרגט פון דאָס שעהנסטע און בעסטע אין איינעם פון די בכבוד'יגע אידישע רעסטאָראַנען, און שלאָפען האָט מען געקאָנט אין די ביידלעך, וועלכע זיינען געשטאַנען אין הויף פון בית־העם, נאָר איינינגע פון אונז האָבען זיך שוין איינגעוואָלט פיהלען אינגאַנצען יום־טוב'דיג, זיינען מיר געגאַנגען אויף נאַכט־לעגער אין דער שטאָדטישער .Y.M.C.A וואו מיר האָבען געקריגען ווייכע בעטלעך מיט אַ שפריץ־באָד דערצו אָהן אַ גראָשען צו בע־צאָהלען. דאָס איז געווען דאָס ערשטע מאָל זינט מיר האָבען פערלאָזען לאָנדאָן, וואָס מיר זיינען געשלאָפען ווי מענשען, און זיינען טאַקי אויף צומאָרגענס, דעם ערשטען טאָג ראש־השנה, אויפגעשטאַנען אין אַ ריכטיגער יום־טוב'דיגער שטימונג.

מיר האָבען געוואָלט אויסנוצען די געלעגענהייט, דענ־קענדיג, אַז פיליכט איז עס דאָס לעצטע מאָל, וואָס מיר בעזוכען די שטאָדט, און בין דעריבער מיט נאָך 3 אַמעריקאַנער חברים מיינע אַוועק בעזוכען די אַלטערטימער פון דער אייביגער שטאָדט ירושלים.

XVIII.

# ראש־השנה אין ירושלים פאַר'ן אנהויב פון דער שלאכט.

ירושלים ווערט צוטהיילט אין צווייען: אין דער גאַנץ אַלטער שטאָדט, וועלכע איז נאָך עד היום אַרומגערינגעלט מיט דער חומת־ציון, און איז שוין זייט פיעל הונדערטער יאָהרען בעוואוינט דורך אַראַבער־מחמד'אַנער. די צווייטע העלפט איז די נייע שטאָדט, וועלכע איז שוין געבויט לויט דעם אייראָפּעאישען שטייגער און איז בעוואוינט מייסטענטייל פון אידען און סתם אייראָפּעער. אין דער לעצטער האָבען מיר געקענט אַרומשפּאַצירען פראַנק און פריי, אָבער אום צו בע־זוכען די אַלטע שטאָדט האָבען מיר געמוזט קריגען אַ ספּעצ־יעלע ערלויבניש פון מיליטערישען גענעראַל־גובערנאַטאָר פון ירושלים. איך מוז דערביי בעמערקען, אַז דאָס איז געווען אַ צו־להכעיס די אידישע באַטאַליאָנען פון דער דעמאָלסדיגער אַנטיסעמיטישער אַדמיניסטראַציע, וועלכע האָט געהייסען פער־באָטען די אידישע סאָלדאַטען פון 38־טען און 39־טען באַ־טאַליאָן אַריינצוקומען אין דער אַלטער שטאָדט, וועהרענד אַלע אַנדערע סאָלדאַטען פון אַנדערע רעגימענטער זיינען אַריינגע־לאָזט געוואָרען פראַנק און פריי. אָבער אַ איד גיט זיך שטענדיג אַנ'עצה, און מיר האָבען נאָך שווערינקייטען, קריגענדיג ער־לויבנישען, זיך אַוועקגעלאָזען אין דער אַלטער שטאָדט. אונזער ערשטער בעזוך איז קודם־כל געווען צו דער וואַנד... וואוהין מיר האָבען געדאַרפט אַדורכגעהן איינינגע שמוציגע אַראַבישע געסלאַך מיט אַ שלעכטען גערוך.

אין שלום־צייטען פלעגט די וואַנד, — דער כותל־המערבי — בעזוכט ווערען פון טויזענדער אידישע און נישט־אידישע טוריסטען, דאַן אָבער האָבען מיר דאָרט געטראָפען אומגעפעהר

אַ מנין אידען און אינגלעך מיט שטריימלעך, פּאות און לאנגע קאַפּאָטעס, וועלכע האָבען מתפלל געווען, מאַכענדיג דערביי פערשידענע גרימאַסען און העוויות. עס זיינען דאָרט אויך געווען איניגע ספרד׳ישע (שפּאַניאָלישע) עלטערע פרויען געקליידעט ווי די אַראַבערקעס; בלויז דאָס פּנים האָט עדות געזאָגט, אַז דאָס זיינען טעכטער פון איבּיגען פאָלק... ביי איינעם פון פילע ריזען־שטיינער איז געשטאַנען אַ ספרד׳יש מיידעל אָדער מוטער פון אומגעפעהר אַ יאָהר 17, מיט איהרער אַ יונגערע שוועסטעריל אָדער טאָכטער. איהר קאָפּ האָט זי איינגעגראָבען אין שטיין, האָט עפּעס געמורמעלט און געיאָמערט אויפ׳ן קול, און די יונגערע האָט איהר נאָכגעטהון דאָס זעלבע. דאַן איז צוגעקומען אַ יונגע פרוי מיט אַ 2־יאָהריג קינד, און האָט געקושט יעדען שטיין בעזונדער, און דאָס ברעקעל, אויף איהר קוקענדיג, האָט עס אויטאָמאַטיש נאָכגעטהון. צווישען די מתפללים האָב איך בעמערקט איינעם, איינגעוויקעלט אין גאַנצען אין טלית, דער גאַנצער קערפּער איינגעגראָבען אין אַ ריזיגער לאָך פון די ריזען־שטיינער. קיין מורמעל האָט מען נישט געהערט, און קיין בעוועגונג פון זיין קערפּער, און בכלל האָט ער אויסגעקוקט ווי אַ שטיק פון שטיין. בערך 15 מינוט איז דער מאַן אַזוי געלעגען בעוועגונגסלאָז, און ענדליך, ווען ער האָט געענדיגט זיין שטילע תּפלה, האָט ער, אויפשטעהענדיג און דערזעהענדיג אונז, סאָלדאַטען מיט רויטע מגן־דוד׳ס אויף די אַרבעל, אונז אָפּגעגעבען גוט־יום־טוב, און זיך צורעדט מיט אונז אויף מאַמע־לשון. עס איז געווען אַ מיטעל־געוויקסיגער איד אין די מיטעלע יאָהרען מיט אַ שטריימעל, קאַפּאָטע און געל־ברוינער באָרד און פּאות. ערשט ווען דער איד איז אַוועק, האָט אונז אַ אידישער יונגערמאַן דערצעהלט, אַז דאָס איז אַ געוועזענער רומענישער קריסט, וועלכער האָט זיך מיט 30 יאָהר צוריק מגייר געווען און זיך בעזעצט אין הייליגען לאַנד אַלס פרומער

איד. מיר וואָלטען עס קיינמאָל נישט געגלויבט, ווען דאָס זאָל נישט זיין קיין פאַקט.

דער כותל־מערבי איז היינט צו־טאָג בערך 50 פוס הויך. מיט איניגע הונדערט יאָהר צוריק איז ער נאָך געווען העכער, אָנפאַנגענדיג ביים פונדאַמענט מיט ריזיגע שטיינער, און וואָס העכער — קלענער. די שכנות'דיגע אַראַבער פלעגען דאָ עקסטראַ אָנוואַרפען אַ מאַסע שמוץ, וועלכע האָט דורך די הונדערטער יאָהרען זיך צוזאַמענגעקליבען און פערדעקט מעהר ווי אַ האַלבע וואַנד, און שפּעטער, אין מיטען 19־טען יאָהר־הונדערט, האָט עס ר' משה מאָנטעפיאָרע ז"ל געהייסען דאָ אויספּלאַסטערען מיט אַ שטיינערנער פּאָדלאָגע, אָבער נאָך אפילו היינט צו־טאָג זיינען איבערגעבליבען אַ היבש ביסעל ריעזען־שטיינער, וועלכע זיינען אָנגעפילט מיט טויזענדער טשוועקעס און שמות, וועלכע אידען פון דער גאַנצער וועלט האָבען אין זיי אַריין געשטעקט, אַלס סגולות פאַר פרנסה אָדער קראַנקהייטען, רחמנא־לצלן. אין דער הויך אויף דער וואַנד שפּראָצען אַרויס ווילדע געוויקסען און מאָך, וועלכער האָט זיך דאָרט אָנגעקליבען ביי דער לאַנגער עקזיסטענץ פון דער וואַנד. דאָס איז אָבער בלויז איין טייל פון דער וואַנד, וועלכע האָט אַרומגערינגעלט דעם חצר פון בית המקדש, און נישט די מערב־וואַנד פון בית המקדש גופא, ווי מאַנכע ווילען האָבען.

מיר האָבען אויך יענעם טאָג בעזוכט דעם חצר פונ'ם בית המקדש, אין וועלכען עס שטעהט היינט די אָמאַר מאָשעע. דער הויף איז אַ גרויסער, גלייכער און שעהנער, אין פילע ערטער קען מען נאָך עד היום זעהען די קעלערען, וועלכע זיינען געבויט געוואָרען פון שלמה המלך אַליין. צו בעזוכען דעם אינוויניג פון דער אָמאַר מאָשעע האָבען מיר ווידער געמוזט האָבען אַ ספּעציעלע ערלויבניש פון גע־נעראַל־גובערנאַטאָר, און דאָס האָט פאַר אונז געקריגען איינער

פון אונזערע אָפיציערען, וועלכע מיר האָבען דאָרט צופעליג געטראָפען.

איידער מען געהט אַריין אין דער מאָשעע מוז מען אויס־טהון די שיך; אזוי זאָגט פאָר דער „קאָראַן". געוועהנליך האָבען מיר געפאָלגט, און באַלד איז אויסגעוואַקסען פאַר אונז אַנ׳אַראַבער, וועלכער האָט אונז אַרומגעפיהרט אין די פער־שידענע פלעצער פון דער געביידע. די גאַנצע געביידע פון דער אָמאַר מאָשעע רינגעלט אַרום דעם אבן־שתיה — אַ ריזיג ברייטער פעלזען, אויף וועלכען עס איז לויט דער טראַדיציע פאָרגעקומען די עקדת־יצחק, און שפעטער האָט מען דאָ מקריב געווען די קרבנות. אפילו איצט קען מען נאָך בעמערקען אין דעם פעלז שפאַלטען און רינעס, אין וועלכע דאָס בלוט האָט איבערגעלאָזען אייביגע צייכענס און פלעקען. דער אַראַבער האָט אונז דאַן אַרונטער געפיהרט איינגיגע טרעפ און אָנגעצייגט: אָט דאָ האָט דוד המלך מתפלל געווען, דאָ האָט שמואל הנביא געדאַווענט, דאָ האָט משה רבינו זיך אויסגע׳טענה׳ט מיט גאָט, און דאָ (צייגט ער אונז אויפ׳ן באַלקען, אין וועלכען עס זעהט זיך אַ גרויסע לאָך, דורך וועלכער איין מענש קען גאַנץ בעקוועם דורכפאַלען) איז אונזער גרויסער נביא מחמד אַרויף אויפ׳ן הימעל. און דו געה און לייקען אַפּ אַז נישט...

דעם צווייטען טאָג ראש־השנה האָבען מיר 4 געשלאָפען בעקאַנטשאַפט מיט 3 אידישע טעכטער, געוועזענע ערד־אַרבייטערינס, איינפאַך געקליידעט מיט לעדערנע פאסטאליעס אויף זייערע פיס, אָהן זאָקען, אָהן שמינקע, און אָהן דעם פוסטען אייראָפעאישען פוץ און קאָקעטעריי. אונזערע נייע חברות האָבען אונז דאַן געפיהרט צום הר הצופים, דער העכסטער באַרג נעבען ירושלים, פון וועלכען מען פלעגט אַמאָל בעאָבאַכטען די בעוועגונגען פונ׳ם אָנקומענדען שונא. דאָרט האָבען זיי אונז צוגעפיהרט צו אַ קליין יונג וועלדעלע

פון טענען־בוימער, אין וועלכע עס האָט געלאַגערט אַ אָב־טהיילונג פון בריטישע מיליטערישע סיגנאַלערס, און אונטער איינעם פון די יונגע בוימעלעך האָבען זיי אונז געוויזען דעם ווינקעל־שטיין פון דער העברעאישער אוניווערזיטעט, וועלכער איז געלעגט געוואָרען מיט היסטאָרישען פאראַד אין דער אַנ־וועזענהייט פון דער בריטיש־אידישער קאָמיסיע, גענעראַל אַלענבי, פערטרעטער פון גאַנצען ישוב, ווי אויך פון 38־טען, 39־טען און ארץ־ישראל׳דיגען אידישע באַטאַליאָנען.

עס איז דאַן געווען פאַרנאַכט, איידער די זון האָט זיך געזעצט, און איין בליק דאַן פון דאָרט אויף דער שטאָדט מיט איהרע הונדערטער פאַנטאַסטישע קופּאָלען איז געווען בעצוי־בערענד. אין טהאָל איז פאַר אונזערע אויגען געלעגען אויס־געשפּרייט דער גאַנצער ים־המלח מיט׳ן ירדן. דאַכט זיך, דו מאַכסט אַ שפּריוז און דו ביזט דאָרט; עס איז אָבער אַ גרויסער טעות פון די גרינע אין ארץ ישראל, דער ים־המלח ליגט 30 מייל פון דאָרט, און נאָר אַ דאַנק די קלאָרע דורכ־זיכטיגע ארץ־ישראל לופט קענען מיר דאָרט זעהן אויף זאָגאַר 100 מייל אַוועק.

אויף אונזער צוריקקעהר האָבען מיר אָנגעטראָפען איי־ניגע בריטישע אַרטילעריסטען, מיט וועלכע מיר האָבען זיך צוזאַמענגערעדט, און צווישען אַנדערען האָבען זיי אונז דער־צעהלט, אַז ביי נעהמען די שטאָדט האָבען די טערקען אַרויס־געוויזען אַ איינגע׳עקשנ׳טען ווידערשטאַנד און האָבען זיי מקבל פנים געווען מיט אַזוי פּיעל פייער, אַז זיי זיינען שוין געווען גרייט אויפצוגעבען דעם קאַמף, ווען אין דער מיט האָט זיך בעוויזען אַ איד מיט אַ לאַנגען קאַפּטאַן, מיט באָרד און פאות, און ער האָט זיי אָנגעצייגט ווי אַזוי־אַרום זיי קענען נעהמען די שטאָדט. שפּעטער, אַז זיי האָבען טאַקע אַזוי־אַרום די שטאָדט גענומען, האָבען זיי אָנגעפאַנגען צו זוכען יענעם אידען, אָבער ער איז ווי אין וואַסער אַריין. ער איז ביי זיי

געבליבען א לעגענדארע פערזאָן. אונזערע חברות האָבען אונז דערצעהלט, אַז ווען די ענגלענדער פערשפּעטיגען זיך אויף 2 טעג, בלייבט פון זיי בוכשטעבליך נישט איבער קיין שריד ופליט, און אַז 50% פון דער ירושלים'ער אידישער בעפעל־קערונג איז אויסגעשטאָרבען דורך די 3 יאָהר מלחמה פון פערשידענע מגפות, עפּידעמיעס און פשוט הונגער.

פיער טעג האָבען מיר פערבראַכט אין ירושלים און זיך גוט אַמוזירט, בשעת אונזערע אַנדערע חברים אין לאַגער האָבען אַנטייל גענומען אין א בריגאַדנער מאַנעווערע.

צוויי טעג נאָך ראש השנה האָט מען צונומען די בייד־לעך, געמאַכט צורעכט די געפּעק, און 2 נאָכמיטאָג איז דער גאַנצער באַטאַליאָן שטאַרק, בעשטעהענד דאַן פון אַריבער טויזענד מאַן, געוועזן אויפ'ן מארש נאָך דער שלאַכט־ליניע. דער קאָלאָנעל (פּולקאָווניק) האָט שטאָלץ געריטען אויפ'ן פער־דעל, און מיר זיינען געקראָכען אין 3־טען געבויגען א שטאַרקען באַרג אַרויף די 3 מייל *) ביז דעם דאָרף ראַמאַללאַה. מיר האָבען אַהין דערגרייכט אָפּגעגאָסענע פון שוויס און שטויב, און זיך געשטעלט רוהען אויף 10 מינוט. פון ראַמאַללאַה ביז ירושלים האָבען מיר שוין געהאַט א מעהר־וויניגער גלייכען וועג, וואו־נישט־וואו איין בערגעלע, און פּאַרנאַכט פּונקט אין בין השמשות זיינען מיר צוגעקומען האַרט נעבען ירושלים און האָבען דאָרט געלאַגערט גע־וועהנליך מחוץ לחומה. קומענדען מאָרגען איז דער לאַגער געוועזן פול מיט ציווילע סוחרים'לעך, ווי אויך סתם ציווילע פערזאָנען, וועלכע זיינען געקומען אונז אָנקוקען. קיינעם איז נישט געווען ערלויבט צו פערלאָזען דעם לאַגער, עס ווילט זיך

---

*) עס איז שוין אָנגעוויזען געוואָרען, אַז מיט'ן וואָרט מייל מיינט דער מחבר אַן'ענגלישען מייל, וואָס איז וויניגער ווי 2 ווערסט אָדער 2 קילאָמעטער.



אַ גרופּע פון 40־טן אידישען באַטאַליאָן (א״י) אין טעגליכער איבונג בײ׳ם הר הכרמל, 1918-1919

דאָך אָבער יאָ געהן, נעהם איך מיין וואַסער־פלעשעל, עס הייסט: איך געה זוכען וואַסער, און פערבלאָנדשע צו אונזערע 3 אויבענדערמאָהנטע חברות, וואו איך האָב שוין, אגב, גע־טראָפען מיינע אַנדערע 3 חברים.

דאָס איז אַלץ געשעהן אין דערפריה. נאָכמיטאָג האָבען מיר ווידער מאַרשירט. מיר זיינען פערבייגעגאַנגען דעם שער־יפו האַרט נעבען דער חומת־ציון, זיינען אַרויפגעשטיגען אויפ׳ן הר הזיתים, דורך וועלכען אונזער וועג איז געלעגען, און רעכטס פון אונז האָבען מיר דערזעהן טויזענדער מצבות. דאָס זיינען די קברים פון די הונדערטער און טויזענדער איד־דען, וואָס זיינען געקומען אַהער מארבע פנות העולם, כדי בעגראָבען צו ווערען אין דער הייליגער ערד, בכדי שפּעטער, ווען משיח וועט קומען, נישט צו דאַרפען זיך קייקלען דעם גאַנצען וועג אונטער דער ערד... העכער לינקס שטעהט אַ רוסישער קלויסטער מיט גילדערנע קופּאָלען, אָפּשטראַהלענדיג זיך אַנטגעגען דער זון, און אונטען טיעף האָט זיך אויסגע־שפּרייט פאַר אונזערע אויגען דער עמק יהושפט מיט דעם יד אבשלום אין דער מיט.

פינף מייל האָבען מיר דאַן איינגעמאַרשירט און זיך אָפּ־געשטעלט אויף נאַכט־לעגער. מיר האָבען אָבער בלויז בעוויזען צו כאַפּען אַ דרעמעל, ווייל איינס ביינאַכט האָבען מיר ווידער אַוועקגעמאַרשירט. מיר האָבען געמוזט אַריינכאַפּען איניגע נאַכט־שטונדען, ווייל מיר האָבען זיך דערנעהנטערט צו אַ געגענד, וואו עס איז געווען כמעט ווי אונמעגליך צו מאַרשירען בייטאָג צוליעב דער גרויסער היץ, וואָס דאָרט הערשט. 15 מייל זיינען מיר יענעם פריהמאָרגען איינגעגאַנגען, און געגען 10 אַזייגער זיינען מיר געבליבען שטעהען אויף אַ פּלאַץ, וועלכער ווערט בעצייכענט אין דער ביבעל אַלס דער עמק עכור.

יענעם גאַנצען טאָג האָבען מיר גערוהט, און האָבען זיך

געבאָדען און געוואַשען אין דעם וואַסער, וועלכעס מיר האָבען דאָרט געטראָפען. דעם זעלבען פאַרנאַכט האָבען מיר ווידער מאַרשירט, און יענע גאַנצע נאַכט זיינען מיר געגאַנגען אַ שטאַרקען באַרג אַרונטער, און אויפ'ן קומענדען מאָרגען האָבען מיר ענדליך דערגרייכט דעם עמק יריחו — אַ גרויסער, פלאַכער, שטויביגער טהאָל, וועלכער איז 1,300 פוס נידעריגער פון דער ים־פלעכע. די פיס האָבען זיך שוין אָנגעפאַנגען צו זעצען פון דעם גרויסען מאַרש וואָס מיר האָבען אַדורכגעמאַכט, דערצו איז נאָך צוגעקומען אַ שטויב, אין וועלכען אונזערע פיס פלעגען זינקען און ער פלעגט אַריין קריכען אין יעדער עפענונג פון קערפער. דאַן האָט מען אונז שוין צוטיילט אין דער ריכטיגער שלאַכט־אָרדנונג, איין קאָמפּאַניע אָפּגעזונדערט פון דער אַנדערער, וויל פונקט געגענאיבער, אין די בערג, זיינען געווען די דייטש־טערקישע פּאָזיציעס, פון וועלכע מען האָט אונז געקענט בעשיסען מיט קאַנאָנען. גענויע 5 מייל האָבען מיר מאַרשירט אין דעם שטויב, ביז ענדליך זיינען מיר געקומען צו אַ צוואָרפענעם לאַגער פון איינינגע געצעלטען דאָ און דאָרט, און דאָרט איז דער באַטאַליאָן שטעהן געבליבען.

האַלב טויטע זיינען מיר געפאַלען דאָרט, וואו מיר זיינען שטעהן געבליבען. ערשט ווען מיר האָבען זיך אויסגערוהט איינינע שטונדען, האָבען מיר זיך אָנגעהויבען אַרומקוקען וואו מיר זיינען אין דער וועלט, און האַרט נעבען אונזער לאַגער האָבען מיר ענטדעקט אַ קליינעם לויפענדען שטראָם, וועלכען דער דאָקטאָר האָט באַלד אונטערזוכט און געזאָגט, אַז די וואַסערען זיינען פערגיפטעט. באָדען און וואַשען זיך האָט מען אָבער געמעגט. מעהר האָבען מיר אַליין נישט געוואָלט, וויל די זון האָט דאָ ממש געברענט ווי פייער, מחמת מיר זיינען געווען ווי אין אַ טיפער שיסעל, אַרומגערינגעלט מיט ריזיג הויכע בערג, אין טיעפסטען טהאָל פון דער וועלט. אונזער

לאגער איז געלעגען 2 מייל צפונית־מזרחית־זייט פון יריחו. וואסער און עסען האבען געהאט מיר גראדע גענוג, איבער־הויפט פרוכט און אראבישע ברויטלעך פלעגען מיר קויפען אין יריחו אויפ'ן מארק פאר אונזערע ארימע פענים. דא האט זיך שוין געלאזט הערען בולט דאס קראכען פון די קאַ־נאנען אין דער שלאכט־ליניע, וועלכע איז געווען סך־הכל 10 מייל ווייט פון אונז. 2 טעג כסדר האבען מיר גערוהט, און אויפ'ן 3־טען פארנאכט האט מען אונז פאראדירט אין דרויסען, און דער קאלאנעל האט אונז געווארענט, אז היות מיר געהען פערנעהמען א פאזיציע דעם זעלבען אווענד אין דער פראנט־ליניע, בכן זאלען מיר וויסען די ערענסטקייט פון דער זאך א. אז. וו. דאן איז מען זיך צוגאנגען אין דיביידלעך, גרייט מאכען זיך צום מארש.

און ערב יום־כפור פארנאכט, א מאנטאג, דעם 9־טען סעפטעמבער, 1918, האבען מיר אוועקגעמארשירט צו דער שלאכט־ליניע. אין דער צייט ווען אין דער גאנצער וועלט, אין אלע אידישע שולען, צוטראגען זיך די וויינענדע טענער פונ'ם כל־נדרי, זיינען אידישע סאלדאטען, א גאנצער ספע־ציעלער אידישער רעגימענט, אוועק אין דער שלאכט אריין פאר ארץ־ישראל אין ארץ־ישראל...

## XIX.

## אין דער שלאכט־ליניע.

מיר האבען מארשירט אין די פערוויסטע געגענדען פון עמק ירדן.

עס איז געווען א שעהנע לבנה־נאכט, אבער די לבנה אליין האט מען קוים ארויסגעזעהן צוליעב דעם גרויסען שטויב, אין וועלכען מיר זענען געקראכען און וועלכער האט זיך גע־הויבען איבער אונז און צוגעדעקט דעם הימעל ווי מיט

וואָלקענס. מיר זיינען שטרענג פאַרזאָגט געוואָרען נישט צו רויכערען, רעדען הויך אָדער זינגען אונטערוועגענס, מחמת מיר האָבען זיך שוין געפונען אין מלחמה־ראַיאָן.

נעהענטער און נעהענטער האָבען זיך דערטראָגען די שיסערייען פון די קאַנאָנען, און נאָך אַ 3־שעה'דיגען מאַרשירען האָבען מיר זיך אָנגעהויבען אַרונטערלאָזען אין אַ טהאָל. מיר זיינען אַזוי געגאַנגען לאַנגזאַם ביז מיר זיינען צוגעקומען צו אַ לויפענדען שטראָם. דורשטיג זיינען מיר געווען און דאָס וואַסער אין די פלעשער איז שוין לאַנג אויסגעגאַנגען, איז מען צוגעפאַלען מיט די מיילער צום לויפענדיגען וואַסער, טראָץ דעם וואָס מיר זיינען שטרענג פאַרזאָגט געווען נישט אָנצוריהרען קיין וואַסער אין וועג, ווייל אַלע וואַסערען פון דער געגענד זיינען איבערפילט מיט'ן מאַלאַריע־באַציל. ביי דעם שטראָם האָבען מיר איבערגעלאָזען די A קאָמפּאַניע, און די איבעריגע האָבען ווייטער מאַרשירט. אַ מייל העכער האָבען מיר איבער־געלאָזען די B קאָמפּאַניע, נאָך 2 מייל ווייטער די C, און ענדליך נאָך אַ לאַנגען שלעפען זיך אין שטויב און זאַמד זענען מיר, די D קאָמפּאַניע, אויך געבליבען שטעהן ביי דער זייט פון אַ גראָבען מיט געזאַלצענע וואַסער, וועלכען מיר האָבען געדאַרפט אַריבער, כדי זיך צו בעפעסטיגען אין די זייטען פון די בערגלעך אויף דער אַנדערער זייט.

עס איז שוין געווען דאַן אַרום 1/ ביי נאַכט, און דער קאַפּיטאַן האָט עס געפונען פאַר אונמעגליך צו טהון דעם־זעלבען אָוונד, האָט ער אונז געהייסען זיך אויסלעגען אויף נאַכט־לאַגער דאָרט, וואו מיר זיינען שטעהן געבליבען. יעטץ־ווערער האָט געמאַכט דאָס בעסטע געלעגער וואָס ער האָט געקאָנט און געלעגט זיך רוהען, ווען פּלוצלינג האָט לינקס פון אונז געגעבען אַ מורא'דיגער זעץ פון אַ קאַנאָנע, וועלכע האָט אַלעמען צוטרייסעלט. דאָס איז געווען דער ערשטער נאָהענטער קאַנאָנען־שאָס, וואָס מיר האָבען ווען אין אונזער

לעבען געהערט. מיר זיינען דעריבער געווען זיכער, אַז דאָס גיבען אונז די טערקען אַזאַ פֿייערליכע אויפֿנאַהמע. אויף מאָרגען האָבען מיר זיך דערוואוסט, אַז לינקס, נישט ווייט פֿון אונז, האָט זיך געפֿונען אַנ׳ענגלישע אַרטילעריע־אָפּטיילונג, וועלכע האָט ביינאַכט בעשאָסען די טערקישע פּאָזיציעס.

מיר האָבען זיך געפֿעדערט פֿריה, אַריבער דעם גראָבען און זיך בעפֿעסטיגט אין די זייטען פֿון די בערגלעך, וואו יעטוועדער האָט אַריינגעקלאַפּט זיין געצעלט, דער טראַנספּאָרט אָבער האָט געמוזט בלייבען אויף דער אַנדערער זייט. פֿון יענעם טאָג אָן האָבען מיר אָנגעהויבען קריגען עסען בצמצום, און וואַסער האָט יעטוועדער געקראָגען בלויז אַ פֿלעשעל אַ טאָג. דאָס האָט געדאַרפֿט גענוג זיין אויף טרינקען, ראַזירען און וואַשען זיך. די אַנדערע 3 קאָמפּאַניעס און איבערהויפּט טאַקע די C קאָמפּאַניע זיינען געווען מזל׳דיגער פֿון אונז, מחמת זיי האָבען זיך געפֿונען ביים סאַמע שטראָם, פֿון וועלכען די גוטע וואַסערען פֿלעגען צוגעפֿיהרט ווערען פֿאַר די פּאָר באַטאַליאָנען וואָס האָבען זיך געפֿונען אין דער געגענד.

דער טהאָל, אין וועלכען מיר האָבען זיך בעפֿעסטיגט, האָט געהייסען וואַדי אַאודזשאַ, נישט ווייט פֿון ירדן, און רעכטס פֿון אונז, עטליכע הונדערט אַרשין אַוועק, איז געווען די פּאָזיציע פֿון 38־טען אידישען באַטאַליאָן אונטער דער קאָמאַנדע פֿון קאָלאָנעל פּאַטערסאָן, וועלכע איז אַהער געקומען פֿריהער פֿאַר אונז, און שוין באַוויזען צו מאַכען איניגע געלונגענע איבערפֿאַלען אויף דער טערקישער ליניע, און איניגע סאָלדאַטען פֿון יענעם באַטאַליאָן האָבען אַפילו בעקומען אויסצייכנונגען פֿאַר העלדישקייט.

עס איז אַ מערקווירדיגער פֿאַקט, אַז דער גאַנצער צפון־מזרח׳דיגער פֿראָנט ביים ירדן איז פֿאַקטיש געהאַלטען געוואָרען פֿון די 2 אידישע באַטאַליאָנען 38 און 39 „קעניגליכע שיסער", בשעת די אנדערע מיליטער־טיילען פֿון פֿערשידענע נאַציאָ־

נאַליטעטען זיינען געשטאַנען אין געזונטערע געגענדען, 8—10 מייל העכער אונטער אונז. דאָס האָט די מיליטערישע אַנטי־סעמיטישע אַדמיניסטראַציע געמאכט, כדי דערמיט אונז צו טרעפען, וויסענדיג ווי פערגיפטעט דער טהאָל איז, אָבער אין דער געשיכטע פון די אידישע באַטאַליאָנען האָט עס גע־שפּילט איינע פון די וויכטיגסטע ראָלען, ווייל מיר האָבען דאָרט געצייגט פאַר דער וועלט, אַז מיר זיינען נישט קיין ערגערע און טאַקע אין פילע הינזיכטען בראַוועריע סאָלדאַטען, ווי אַנדערע אין דער בריטישער אַרמעע.

יעדען מאָמענט האָט זיך געזאָלט אָנהויבען די גרויסע אָפענסיווע מצד די ענגלענדער. בייטאָג פלעגט ביי אונז שטע־העז א וואַך אויף אַ בערגעל און אונז וואָרענען ביים אָנקומען פון אַ פיינדליכען אייראָפּלאַן. ווען אַזעלכער פלעגט זיך בע־וויזען, פלעגט דער וואַך־מאַן פייפען, און מיר אַלע, וואָס מען האָט נישט געהאַלטען אין מיטען טהון, האָבען זיך געמוזט וואַרפען מיט'ן פּנים אויף דער ערד און בלייבען ליגען בע־וועגונסלאָז, ביז מען וועט קריגען דעם סיגנאַל אויפצושטעהן ווען די געפאַהר איז אַריבער. שפּעטער זיינען מיר אַזוי גע־וועהנט געוואָרען צו דעם, אַז ווען מיר פלעגען דערזעהען אַ פיינדליכע פליה־מאַשין איבער אונז, פלעגען מיר זיך אַריינ־לעגען אין אונזערע ביידלעך, אַרויסשטעקען דעם קאָפּ אין דרויסען מיט'ן פּנים אַרויף, נאָכפאָלגענדיג די בעוועגונגען זיינע. זיי פלעגען פליהען זעהר הויך און פלעגען אויסקוקען ממש ווי קליינע פויגעלעך, און זעלטען ווען איינער פלעגט געטראָפען ווערען, כאָטש זיי פלעגען בעהאָנעלט ווערען מיט קאַנאָנען־קוילען מצד די אונזעריגע.

פאַרנאַכט, ביים זונען־אונטערגאַנג, פלעגען די קאַנאָנען פון ביידע זייטען אָפּגעבען זייער טעגליכען קאָנצערט, און די קוילען פלעגען אָפּהילכען, לאָזענדיג נאָך זיך אַ שטאַרקע הוי־זשעריי און ווידער־קול.

מיר זיינען צום ערגסטען באלד געוועהנט געוואָרען. אויס־טהון זיך ביים שלאָפען האָט מען נישט געטאָרט, און 3 פּאַרטאָג האָט יעטוועדער געמוזט זיין אויף די פיס, מיט דער ביקס און 60 קוילען אויף די פּלייצעס, גרייט צו וואָס עס זאָל זיך נישט מאַכען; אַזוי האָט מען געמוזט שטעהן ביז 6 אינ־דערפריה. די C קאָמפּאַניע, וועלכע איז געשטאַנען אין אַנ׳־אָפּענערען פּלאַץ ווי מיר, איז זעהר אָפּט בעשאָסען געוואָרען פון די פיינדליכע קאַנאָנען, און ווען אין איינעם פון יענע טעג בין איך געגאַנגען העלפען אָנלאָדען אונזער טראַנספּאָרט מיט פּראָוויאַנט פון אונזער הויפּט־קוואַרטיר, וועלכע איז דאָרט געשטאַנען, האָט אונז אַ יונגער גאַליציאַנער אינגעל געציינט אַ שטיק קאַנאָנען־שראַפּנעל, וועלכער איז געפאַלען האַרט נעבען איהם ווען ער איז געווען בעשעפטיגט. אַנדערע צוויי חברים האָבען געהאַט אַ עהנליכען פאַל, ווען באַדענדיג זיך איינמאָל אין שטראָם האָט אַ קאַנאָנען־קול געפלאַצט האַרט נעבען זיי.

אַ געוויסען טאָג האָט מען אין אונזער קאָמפּאַניע פער־לאַנגט איניגע וואָלאַנטערען (פרייוויליגע) צו געהן אויסקוקען דעם שונא׳ס פּאָזיציע, וואָס האָט זיך געפונען לינקס. באַלד האָבען זיך אָבגערופען איניגע חברה, פון וועלכע 3 זיינען אויסגעקליבען געוואָרען, און אין דער בעגלייטונג פון אַ לייט־טענאַנט (פּאָרוטשניק) זיינען זיי אַרויף אויפ׳ן בערגעל און פערשוואונדען געוואָרען, עס האָט אָבער נישט גענומען קיין 15 מינוט און זיי זיינען געקומען צו קריכען אויף אַלע 4 און געטרייסעלט זיך פון שרעק, מחמת גלייך ווי זיי האָבען זיך אויפגעהויבען האָט מען זיי בעמערקט, און ווען זיי האָבען זיך דערנעהנטערט האָט מען זיי בעהאָגעלט מיט ביקסען־שאָסען.

אַ גאַנצע וואָך איז פאַראיבער אָהן עטוואָס וויכטיגעס זאָל געשעהן. ענדליך אָבער האָבען מיר דעם 16־טען סעפּטעמבער 1918 פאַרטאָג דערהערט אַ מורא׳דיגע באָמבאַרדירונג פון אַ

מאַסע קאַנאָנען מיט איין מאָל. די אָפּענסיווע אַלזאָ, וועלכע איז ערוואַרטעט געוואָרען יעדען מאָמענט, האָט זיך ענדליך אָנגעהויבען. אַ גאַנצע נאַכט יענע איז יעדער געשטאַנען מיט ביקס און קוילען, און ווען עס איז טאָג געוואָרען האָט מען געהייסען לאָדען די אייזלען און זיין גרייט צום מאַרש. די באָמבאַרדירונג איז אויפ'ן צווייטען פריהמאָרגען פאָרטגעזעצט געוואָרען, דערצו זיינען נאָך צוגעקומען די שאָסען פון די ביקסען און מאַשינען־קאַנאָנען. די קומענדע עטליכע פריה־מאָרגענס האָט זיך ביי אונז איבערגע'חזר'ט דאָס זעלבע, ווידער מיט אָנלאָדען און אויסלאָדען די אייזלען.

מיר האָט מען צוגעטשעפּעט צו דער מאַשין־ביקסען אָפּטיילונג, באָטש מעהר ווי העלפען לאָדען די מאַשין־ביקסען אויף די אייזלען האָב איך נישט געקענט, מחמת איך בין געווען אַנ'איינפאַכער אינפאַנטעריסט מיט דער ביקס אָהן טעכנישע ידיעות. מיר זיינען שוין דאַן געווען צובראָכענע, אויסגעהונגערטע, דורשטיגע, נישט־דערשלאָפענע, ווי אויך שרעקליך אונציכטיגע צוליב דעם זאַמד און שטויב, אין וועל־כען מיר פלעגען זיך וואַלגערען, און נישט האָבענדיג קיין וואַסער צום וואַשען זיך אָדער באָדען.

אויפ'ן דריטען פאַרנאַכט נאָכ'ן אָנפאַנג פון דער אָפּענ־סיווע, האָט זיך בעוויזען אונזער מאַיאָר, וועלכער האָט זיך אויפגעהאַלטען אין באַטאַליאָנ'ס הויפּט־קוואַרטיר. זיין פּנים האָט געלויכטען, און אַוועקזעצענדיג זיך געמיטליך אין זאַמד, אַרומגערינגעלט פון חברה, וועלכע האָבען ערוואַרט צו הערען פון איהם נייעס, האָט ער געבעטען אַנ'ארץ־ישראל מאַפּע. גראָד האָב איך מיט זיך מיטגעפיהרט אַזאַ מאַפּע. ער האָט איהר אויסגעשפּרייט אויף דער ערד, און אָנגעוויזען אונז ווי אַזוי די בריטיש־אויסטראַלישע מיליטער־טיילען האָבען אַוואַנ־סירט אויף דעם מערב'דיגען פראָנט פון פתח תקוה, און מיר זיינען געווען איבעררעשט, אַז אין די 2 טעג האָבען זיי

שוין בעוויזען צו דערגרייכען חיפה, בערך 100 קילאָמעטער ווייטער פון פריהערדיגען פראָנט, און אַז די דייטש־טערקישע אַרמעע ציהט זיך צוריק אין דער ריכטונג פון שכם און ירדן.

אין יענע טעג זיינען מיר בעהעפט געוואָרען צו אַנ'־אויסטראַלישער לייכטער קאַוואַלעריע־דיוויזיע אונטער דער קאָמאַנדע פון גענעראַל טשייטער, וועלכער האָט זיך אַרויסגעוויזען אַלס פריינדליכסטער אָפיציער אין דער גאַנצער אַרמעע פון יענעם פראָנט אין בעצוג צו די אידישע באַטאַליאָנען. דער פולק 38 און 39 זיינען דאַן צוזאַמענגעגאָסען געוואָרען אונטער דער קאָמאַנדע פון קאָלאָנעל פּאַטערסאָן, און האָבען דאַן געקראָגען דעם נאָמען פון פּאַטערסאָנ'ס קאָלומנע.

ענדליך האָבען מיר אין איינעם פון יענע טעג אָנגעפאַנגען אונזער אַוואַנס (פאָרמאַרש). מיר האָבען אַוועקמאַרשירט אין דער ריכטונג פון 38־טען פולק, וועלכער האָט אַ גאַנצע נאַכט געיאָגט די טערקען, פערלירענדיג דערביי 3 טויטע און 1 פערוואונדעטען קאַפּיטאַן.

פערביי־מאַרשירענדיג דעם לאַגער פון 38־טען פולק האָבען מיר רעכטס אויף אַ בערגעל בעמערקט 4 פרישע בערגלאַך מיט זאַמד, אַרומגעצוימט מיט אַ הילצערנעם צוים; 4 אידישע זיהן ליגען אין די איינזאַמע קברים און שלאָפען רוהיג און אונגעשטערט זייער אייביגען שלאָף. דאָס בלוט לויפט אַריין אין פּנים און ציגדט אָן יעדעס אבר ביים אָנבליק פון די דאָזיגע עלענדע קברים. אויף אַלע שלאַכט־פעלדער פון דער וועלט האָט זיך אידיש בלוט געגאָסען, אומעטום האָבען אידען פאַר זייער מוטיגקייט און אָפּפערוויליגקייט געקריגען קברים און אַ שטיקעלע פּלאַץ אין דער ערד; מען וועט אָבער דאַרפען אַ קוק טהון אויף די דאָזיגע 4 עלענדע אידישע קברים אין מיטען פערלאָזענעם מדבר און קיינער וועט

נישט דערוועגען צו זאָגען, אַז אידען האָבען קיין בלוט נישט פערגאָסען פאַר דער בעפרייאונג פון ארץ ישראל. די 4 אידישע קברים וועלען אייביג אויפוואַרפען, פאָדערען און מאָהנען.

אויף אונזער וועג האָבען מיר געטראָפען די צוריקקעהרענדע סאָלדאַטען פון 38־טען פולק און אַביסעלע העכער זיינען מיר שטעהן געבליבען ביי אַ משופע'דיגען באַרג, וועלכער האָט געפיהרט צו דער איבערפלעכע פונ'ם טהאָל. דאָרט האָבען מיר איבערגענומען די געוועזענע טראַנשעען פון 38־טען, אין וועלכע מיר האָבען צושטעלט מאַשין־ביקסען און וואַכען. מיר מיט אַ חבר און אַ קאָרפאָראָל האָם מען בעשטימט אַלס הויפט־וואַך אין איינער פון די טראַנשעען, דורך דעם פונקט האָבען, לויט'ן חשבון, געדאַרפט דורכגעהען אַ מאַסע אַנטלויפענדע טערקען, און מיר האָבען פערשטאַנען אונזער ערנסטע אויפגאַבע.

עס איז געוועזען איינע פון יענע ארץ ישראל'דיגע לבנה־נעכט; די נאַכט אַ רוהיגע, בלויז צייטענווייז פלעגט די טויטע שטילקייט געשטערט ווערען פון אַ משונה'דיגען נאַכט־פויגעל אָדער חיה. איך שטעה אַזוי אין מיין טראַנשע, מיט דער געלאָדענער ביקס אין האַנד, און שטרענג־אָן מיינע אויגען און אויערען אין דער טיפער נאַכט אַריין. דער צווייטער וואַך־מאַן מיט'ן קאָרפאָראָל שלאָפען, און מיינע אויגען קלעפען זיך — אַ שרעק. דאָס איז שוין געווען די 8־טע שלאָפלאָזע נאַכט, פלוצלינג דערזעה איך עמיצען קומען, איך גיב די נויטיגע וואָרנונג — מען בלייבט שטעהן, איך הייס דאַן צוקומען נעהנטער. דאָס איז געוועזען דער קאַפיטאַן מיט זיין געהילף, וועלכע זיינען געקומען זיך איבערצייגען, אויב די וואַך איז אָנפערטרויט געוואָרען אין ריכטיגע הענד. זיי ווייסען גוט אַז איך בין מעהר טויט אַלס לעבעדיג און לויבען מיר פאַר מיין פאָרזיכטיגקייט.

איינשלאָפען אויף דעם פאָסטען הייסט אַ זיכערער טויט.



די נייע רעקרוטען פון דעם ארץ ישראל׳דיגען 40-טען אידישען באטאליאָן,
איין מאָנאט נאָך זייער אנגעבען זיך.

צוזאמענגעס בין איך אַוועק עסען פריהשטיק אין איינער פון די אַנדערע טראַנשעען, דאַן האָב איך זיך אומגעקעהרט און געביטען מיין חבר, כדי ער זאָל אויך געהן עסען. איך געה אַריין אין טראַנשע, און ער שטעהט איבער דער טראַנשע אין דער הויך, איבערגעבענדיג מיר די ביקס און די נויטיגע פעראָרדנונגען. דערוויל לאָד איך אָן די ביקס, שלעפעריג און שוואַך בין איך געווען, מיין זכרון אַרבייט קוים, און אנשטאָט צו פערשליסען די ביקס, זי זאָל נישט שיסען, גיב איך אַ קוועטש דעם שיסער און — טראַך! גליקליכערווייזע איז די קויל פערבייגעפלויגען דעם חבר'ס אויער און איהם נישט גע־שעדיגט. די זעלבע קויל איז אַוועקגעפלויגען אין איינער פון די טראַנשעען, אין וועלכער עס האָבען זיך געפונען איינינע סיגנאַלערס, אָבער אויך אָהן שאָדען. דאָס איז געווען מיין ערשטער שאָס אויף דעם שלאַכט־פעלד.

דעמזעלבען טאָג האָבען מיר פערלאָזען די טראַנשעען, אַרונטער צוריק דעם באַרג, און זיך אַוועקגעלאָזען אין דער ריכטונג פון וואַנען מיר זיינען נעכטען געקומען. צוקומענדיג צום שטראָם זיינען מיר איהם אַריבער, געהמענדיג זיך לינקס, און געגען 2 שעה מאַרשירענדיג זיינען מיר צוגעקומען צום ירדן, וואו מיר זיינען שטעהן געבליבען אויף איבער־נאַכט. דאָרט האָבען מיר געטראָפען די איבעריגע 3 קאָמפּאַניעס. דער טאָג איז געווען אַ שרעקליך הייסער, און אַרונטערוואַרפענדיג די פעקלעך פון אונזערע מיט שוויס־בעגאָסענע פלייצעס, זיינען מיר אַלע אַוועקגעלאָפען צום ירדן זיך באָדען.

## XX.

## אונזער מאַרש אין עבר־הירדן.

אָה! ווי גליקליך מיר האָבען זיך געפיהלט, שפירענדיג דאָס לויפענדע וואַסער איבער אונזערע נאַקעטע קערפּערס. מיר

האבען פאר איין גאנג געזופט, ווי טייוואלים, אזוי ווי וועלענדיג זיך אפרעכענען אויך פאר די טעג, אין וועלכע מיר זיינען זשעדנע געוועז אביסעל פון דער דאזיגער טהייערער פליסיגקייט. אין מיטען טייך איז געוועזן סכנות־נפשות אריינצוגעהן, מחמת דער טייך האט דארט מיטגעריסען זאגאר די אלטע גרונד־שטיינער מיט א מעכטיגער קראפט. איינער פון אונזערע חברה, א לעגיאנער פון ארגענטינע, איז געוועזן צו נייגעריג; נו! האט איהם דער שטראם אוועקגעשלעפט. גליקליכערווייזע אבער האט ער זיך נישט פארלוירען און זיך אנגעכאפט אן די שטריק פון שווימענדען בריק, וועלכע זיינען געלעגען נידריג איבער׳ן וואסער, אנגעבונדען אין 2 בוימער פון ביידע זייטען ברעג, און אזוי ארום האט ער זיך געראטעוועט פון א זיכערען טויט. מיר האבען שוין איינוועגס אויך אויסגעוואשען אונזערע שמוציגע וועש, וועלכע זיינען אויסגעטריקענט געווארען אין איניגע מינוט.

דערפרישטע זיינען מיר אוועק עסען אונזער אוונד־ברויט. נאכהער בין איך אוועק דערהנעבען אין א לאגער פון אינדישע סאלדאטען מיט א 2־טען חבר און אנגעקויפט א היבש ביסעל טהיי־בלעטער, וועלכע מיר האבען געפיהלט אז זיי וועלען אונז גוט צונוץ־קומען.

ארום 3 פארטאג איז אויך צוגעקומען דער 38־טער באטאליאן און צוזאמען מיט זיי זיינען מיר אריבער דעם ירדן און אנגעהויבען בעשטייגען א זעהר משופע׳דיגען און געפעהר־ליכען בארג, וועלכער האט געפיהרט צום עבר־הירדן. איבער א שעה האט געדויערט דאס ארויף שטייגען דעם בארג; איבערהויפט איז געוועזן צרות מיט די געלאדענע אייזלע; און איינער פון די דאזיגע ארעמע בעשעפענישען האט זיך טאקע ארונטערגעקייקעלט און זיינע צושאטענע ביינער זיינען געבליבען אונטען. דאס איז געוועזן אונזער ערשטער און איינ־ציגער פערדישער קרבן אויף דער שלאכט־ליניע. עס איז נאך

געוועזן גוט טונקעל, ווען מיר האָבען בעגאָסענע מיט שוויים דערגרייכט דעם שפּיץ באַרג, מיר זיינען דאַן אַוועק אין מזרח־זייט, און 10 מייל ווייטער זיינען מיר געבליבען שטעהן ביי אַ שטראָם מיט וואַסער וועלכער הייסט וואַדי־נימרין.

די טעריטאָריע, אויף וועלכער מיר האָבען זיך דאַן געפונען, איז סך־הכל מיט איניגע שעה פריהער אָפּגעלעדיגט געוואָרען פון די דייטש־טערקען. מיר זיינען געשטאַנען ביי די פיס פון די הרי־גלעד און, אַרומקוקענדיג איינעם פון די פעלזען, האָבען מיר ענטדעקט אַ פערלאָזטע הויפּט־קוואַרטיר פונ'ם שונא, אין וועלכער מיר האָבען געפונען אַ סך אַנטיקען. מיר האָבען עס אָבער געמוזט איבערלאָזען, מחמת מען האָט גערדאַרפט האָבען אַ כח פון א פערד צו שלעפען איבעריגע זאַכען אַ חוץ אונזערע אייגענעם שווערען געפעק. עסען האָבען מיר יענעם טאָג נישט געקראָגען דורך אַן'אומגליקליכען פערזעהן פון אונזער גוי'אישען קוואַרטיר־מייסטער, און די פּאָרציעס וואָס מיר האָבען געקראָגען אויסגעטיילט ביים ירדן האָבען מיר נישט געטאָרט ריהרען אָהן אַ ספּעציעלער ערלויבעניש פונ'ם קאָמאַנדיר, ווען ער וועט עס געפינען פאַר זעהר נויטיג. מיר האָבען געקריגען פרישע שטראָם־וואַסער און האָבען כאָטש אויפגעקאָכט אַביסעל שוואַרצע טיי. דערמיט האָבען מיר גערדאַרפט יוצא זיין דעם גאַנצען טאָג.

דעמזעלבען פאַרנאַכט איז דער באַטאַליאָן פאָרמירט געוואָרען אין שלאַכט־אָרדנונג מיט מאַשין־ביקסען פאָראויס און פון הינטען. די פראָנט־אָבטיילונג האָט געהייסען דער אַוואַנגאַרד, און די הינטערשטע — דער אַריער־גאַרד, אָדער הינטערשטע וואַך. די אַרבייט פוןביידע אָבטיילונגען איז געווען צו פערהיטען דעם באַטאַליאָן פון אַן'אָנפאַל פון פראָנט און פון הינטען. מיר מיט איינעם אַ חבר איז אויסגעקומען צו זיין פון די לעצטע צוויי פון דער הינטערשטע וואַך, און ווען דער באַטאַליאָן האָט זיך געשטעלט האָבען מיר זיך געמוזט

אויסדרעהען מיט'ן פּנים אין דער ריכטונג פון וואַנען מיר זיינען געקומען. איין קאָמפּאַניע פון דער אַנדערער איז געווען אָפּ־געזונדערט אויף גאַנצע 200 איילען, און צווישען איין קאָמפּאַניע און דער צווייטער זיינען געגאַנגען צוויי סאָלדאַטען אָפּגעזונ־דערטע, און זייער אַרבייט איז געווען סיגנאַליזירען צו די איבעריגע קאָמפּאַניעס, ווען די פאָדערשטע בלייבען שטעהן.

דאַן איז דער באַטאַליאָן אַריבער דעם שטראָם און אַריין אין די בערג, וועלכע האָבען זיך אויפגעהויבען פון ביידע זייטען שטראָם, און אָנגעפאַנגען מאַרשירען אַ שטאַרקען באַרג־אַרויף אין דעם גוט־בעקאַנטען שטויב. דער 38־טער באַטאַליאָן האָט געקריגען אַ בעפעהל צו בלייבען שטעהן ביי וואַדי־נימרין. דאַן האָבען זיך בעוויזען פאַר אונז בילדער, וועלכע האָבען אונז געגעבען דעם בעסטען בעגריף פון מלחמה, מיט איהרע אַלע שווידערליכקייטען און גרוילקייטען. דער גאַנצער טהאָל אונטער אונזערע פיס איז געווען אָנגעוואָרפען מיט איבערגעלאָזענע קאַנאָנען, קוגלען, מאַשין־קאַנאָנען, ביקסען, קוילען, באַגנעטען, באָמבעס, צובראָכענע אַמבולאַנסען, וועגען, גאַז־מאַסקעס, מעדיצינישע שטאָפען און נאָך אַנדערע צעהנד־ליגע מלחמה־מאַטעריאַלען אין אַ שרעקליכער אונאָרדנונג. העכער האָבען זיך בעוויזען צושמעטערטע קערפער פון פערד, אייזלען, בהמות און קעמלען, און נאָך העכער אויך טויטע מענשען־קערפּערס. דער שונא איז געלאָפען אין אַזאַ איילעניש אַז ער האָט אפילו קיין צייט נישט געהאַט צו פערניכטען די מלחמה מאַטעריאַלען, וועלכע ער האָט נישט געקאָנט מיטנעהמען.

די נאַכט איז שוין געווען פון די סוף חודש'דיגע, און די לבנה האָט געדאַרפט אַרויסקומען זעהר שפעט. מיר האָבען געדאַרפט דערגרייכען די שטאָדט ע ס־ס אַ ל ט. ווי ווייט אַוועק דאָס איז געלעגען האָט קיינער נישט געוואוסט; מיר האָבען שוין געהאַט אַריינגעמאַרשירט אַ 15 מייל באַרג אַרויף

און קיין סימן פֿון קיין ישוב האָט מען נישט געזעהן אין די אויגען. די פֿיס האָבען זיך אָנגעהויבען צו זעצען, דער הונגער האָט זיך געלאָזט פֿיהלען און די וואַסער־פֿלעשעלעך זיינען שוין לאַנג לעדיג געווען. דאָס איז געווען דאָס ערשטע מאָל אויפ׳ן מאַרש, מיר זאָלען האָבען אויסגעטרונקען צו 2 פֿלע־שעלעך וואַסער, און דאָ אין טהאָל שטראָמט דער שטראָם מיט פֿרישע וואַסער! מיר זיינען אָבער שטרענג פֿערזאָגט געוואָרען נישט אָנצוריהרען קיין וואַסער, און אַ לייטענאַנט מיט׳ן רעוואָלווער אין דער האַנד איז געשטאַנען גרייט צו דערשיסען יעדען וואָס וועט דאָס וואַגען צו טהון.

נאָך איינינע שווערע שעה פֿון וויטערען מאַרשירען זיינען מיר שטעהן געבליבען ביי אַ בריק, וועלכע מיר האָבען גע־דאַרפֿט אַריבער. אַ גאַנצע האַלבע שעה האָבען מיר דאָרט גערוהט, און דער מאַיאָר האָט אונז דאַן געגעבען די ערלויבעניש צו עסען אונזערע ספּעציעלע פּאָרציעס, וועלכע מיר האָבען ממש פֿערשלונגען. עס איז געווען צום ערשטען מאָל אין מיין לעבען, אַז איך בין פּראַקטיש געוואָרען און האָב נאָך איבער־געלאָזען עטוואָס „אויף אַ שוואַרצען טאָג״. דער דורשט אָבער האָט שרעקליך געעגבערט, פֿינסטער איז געווען, האָב איך זיך אַרויסגע׳גנב׳עט אומבעמערקטערהייט, זיך אַרונטערגעלאָזען אין טיפֿען משופּע׳דיגען און געפֿעהרליכען טאָהל, אין וועלכען עס פֿליסט דער שטראָם. אין יענער מינוט האָט פֿאַר מיר עקזיסטירט בלויז די פֿראַגע פֿון וואַסער; אַפֿילו אַ ריזיגע שלאַנג, וועלכע איז פֿון מיר אַנטלאָפֿען, האָט מיר אויך נישט איבערגעשראָקען. איך האָב זיך איבערגעבויגען איבער אַ בוימעלע און געזופּט דאָס וואַסער. דאַן האָב איך אָנגעפֿילט מיינע צוויי פֿלעשעלעך און זיך אַרויפֿגעדראַפּעט צוריק מיט סכנות נפשות באַרג־אַרויף אין מיין רייהע.

אָפּגערוהט, האָט דער באַטאַליאָן געצויגען וויטער באַרג־אַרויף. דער גאַנצער וועג איז שוין פֿערזייהט געווען מיט

צוריקגעשטאַנענע; די שטארקערע האָבען אָבער מיטגעהאַלטען. דער מוט איז ביי זיי אַלעמען געווען געבראָכען, אַפילו ביי די אָפיצירען גופא, מיט'ן אויסנאַם בלויז פון איין יונגען איר־לענדישען לייטענאַנט, אַ כלב, וועלכע האָט די הינטערשטע־ליגע געשלאָגען מיט'ן שטעקען, בכדי זיי זאָלען ווייטער געהן. יעטוועדער האָט מיט די לעצטע קרעפטען געפרובירט מיט־האַלטען. ענדליך אָבער האָב איך שוין געפיהלט אַז עד־כאן ולא יותר, בין איך געפאַלען ווי אַ קלאָץ צום באָדען אין אַ ברייטען פלאַץ אויפ'ן וועג, אויף וועלכען עס האָבען זיך גע־וואַלגערט די פגרים פון פערד און אייזלען ווי אויך מענשען.

עס איז דאַן שוין געווען אַרום 1 בייננאַכט, די לבנה האָט שוין געהאַט זיך בעוויזען און בעליכטען די געגענד; דאָס בילד איז געווען שוידערליך, עקעלהאַפט און פול מיט טויט. די לופט איז געווען אַ פער'סמ'טע פון די פוילענדע נבלות, אַרום וועלכע עס האָבען זיך אַרומגעדרעהט צעהנדליגער שאַ־קאַלען און היענעס. איך בין געוועהנליך נישט געווען דער איינציגער דאָרטען. בכלל האָבען מיר זיך געפונען אין אַ מדבר, אַרומגערינגעלט מיט ריזיגע בערג און טהאָלען, אין וועלכע מען קען זיך צומאָל בעגעגענען מיט אַ מיסטעריעזען וואַנדע־ר'ער. איך האָב זיך דאָרטען אָפגערוהט אַ האַלבע שעה און נאַכהער איינער אַליין אַוועק ווייטער, נישט קענענדיג מעהר אויסהאַלטען דעם געשטאַנק. ביי איין מייל העכער בין איך שטעהן געבליבען און זיך געלייגט האַרט נעבען אַ לאַגער פון אַנ'אויסטראַלישען קאַוואַלעריע־טראַנספּאָרט, און בין פערזונקען געוואָרען אין אַ טיפען שלאָף.

צו־מאָרגענס, ווען איך האָב זיך אויפגעכאַפּט, איז שוין די זון געשטאַנען הויך. אומגעפעהר 11 אַזייגער איז עס געווען, און ביים זייט וועג האָב איך געפונען נאָך הינטערשטעליגע „אונזעריגע" לעגיאָנערען. איך האָב זיך דערפילט אַ סך מונ־טערער און פרישער, און אין דער בעגלייטונג פון מיינעם אַ

צווייטען הינטערשטעליגען חבר זיינען מיר אַוועק זוכען אונ־זער באַטאַליאָן. מיר זיינען געוואָרען פראַקטיש, און האָבען אויפ׳ן וועג איבערגעלאָזען דאָס אייזערנע היטעל, די טראַנש־לאָפּאַטקע און נאָך קליינינקייטען, וואָס מיר האָבען געהאַלטען פאַר איבעריג, און נאַטירליך איז אונז טאַקע אַ סך לייכטער געוואָרען אויף די פּלייצעס.

אויפ׳ן וועג האָבען מיר געטראָפען אַ ברונעם (דייטשע אַרבייט מן הסתם) מיט וואַסער. מיר האָבען זיך דערום דאָרט אָבגעשטעלט, זיך גוט אַרומגעוואַשען און אויפגעקאָכט שוואַרצע טיי, אַ בים געטהון דאָס, וואָס אונז איז געבליבען פון דער נעכטיגער פּאָרציע, אָנגעטרונקען זיך מיט פרישׁ וואַסער, אָנ־געפילט די פלעשלעך, און — היידאַ ווייטער. העכער אַביסעל האָבען מיר געטראָפען אַ פערלאָזענעם אַראַבישען פייגען־גאָרטען, אין וועלכען מיר זיינען אַריין גאָר מעשה בעלי־בתים, זיך אָנגעגעסען מיט פרישע פייגען, אַז די ליפּען האָבען גע־שמאַרצט, אַריינגעלייגט אַביסעל פייגען אויף זאַפּאַס און ווידער אַוועק.

נאָך העכער אַביסעל, ביי דער זייט פון אַ פערשטויבטער חורבה, האָב איך געטראָפען איינעם פון אונזערע לעגיאָנערען, אַ באָסטאָנער בחור פון עטליכע און דרייסיג, וועלכער פלעגט מיט מיר זיין אין איין געצעלט, ווען מיר זיינען געשטאַנען נאָך אין על־מיהע. ער פלעגט דאַן האַלטען אין טענה׳ן, אַז ער וויל פון קיין שלום נישט הערען כל־זמן מיר וועלען נישט דורכמאַכען כאָטש איין שלאַכט מיט די טערקען. דער אַרעמער בחור איז געווען זיכער, אז אין אַזאַ פאַל וועט ער זיך אַרויסצייגען אַלס בראַווער סאָלדאַט; איידער מיר זיינען אָבער אַוועק אין אַקטיווען פראָנט, האָט מען איהם בעהעפט צו דער מעדיצינישער אָפּטיילונג אַלס טרעגער פון פערוואונ־דעטע, מחמת צו דער ביקס האָט ער ליידער נישט געטויגט צוליב זיין אומגעלומפערטער דיקקייט, און יעצט האָבען מיר

איהם געטראָפֿען ליגענדיג מיעד, מיט זיין צווייטען העלפֿער, ביים טראָגען די נאָסילקע. אָרימער בחור! איך האָב איהם נישט געוואָלט ערגערען, עס איז געווען אַ שרעקליך רחמנות אויף איהם. מיר האָבען זיי איבערגעלאָזען די עטליכע פֿייגען, און ווידער געגאַנגען.

ענדליך אַרום מיטאָג־צייט האָבען מיר געפֿונען דעם באַטאַליאָן, וועלכער האָט געלאַגערט האַרט ביים שטראָם, 3 מייל צו דרום־מערב פֿון עס־סאַלט. פֿון שטאַרקע טויזענד מאַן איז צום בעשטימטען אָרט בלויז געקומען אונזער קאָלאָ־נעל, אַ דאַנק זיין גוטען פֿערדעל, מיט 44 מאַן, אַריינגערע־כענט שוין בענדרעלדיגע און אָפֿיציערען, און אַלע איבעריגע זיינען צוזייהט און צושפרייט געוואָרען אויפֿ׳ן גאַנצען וועג אַהין, און דעם גאַנצען טאָג האָט מען געהאַלטען אין איין אָנקומען איינציגווייז, פּאָרווייז און גרופּעסווייז, ווער צופֿוס, און ווער אין מיליטערישע פֿראכט־אויטאָמאָבילען אין וועלכע מ׳האָט זיך אונטערוועגס אַריינגעכאַפּט.

איך אַליין האָב זיך אויסגעזוכט אַ שאָטענדיגען פֿעלז, האָב דאָרט אַריינגעקלאַפּט מיין געצעלט, אַוועקגעלייגט מיין געפּעק און אַליין אַוועק זיך באָדען אין שטראָם און אויך גע־טרונקען זיין וואַסער.

יענעם פֿאַרנאַכט האָט מען פֿון אונז צוריקגעשטאַנענע אויסגעקליבען 16 מאַן, צווישען וועלכע איך בין אויך געווען, און אונטער דער אויפֿזיכט פֿון דעם אויבענדערמאָהנטען איר־לענדישען אָפֿיציער האָבען מיר אַוועקגעמאַרשירט נאָך עס־סאַלט אַלס וואַך איבער טערקישע געפֿאַנגענע. אויפֿ׳ן וועג אַהין האָבען מיר בעמערקט 2 טויטע טערקען. ביי דער קריסט־ליכער קירכע נעבען דאָרף זיינען מיר שטעהן געבליבען. דאָס איז געווען אַ הויף מיט 3 הייזער, איינס פֿאַר דער וואַך און די איבעריגע צוויי פֿאַר געפֿאַנגענע, וועלכע פֿלעגען דאָ שטעהן 2 טעג און דאַן געשיקט געוואָרען וויימער אַרונטער צו די

געפֿאַנגען־לאַגערס פֿון עגיפּטען און ארץ ישראל. עס איז געווען אַ גרויל צו קוקען אויף דיזע אומגליקליכע, וועלכע זיינען דורך אונזערע הענד דורכגעגאַנגען טויזענדערווייז. 4 טעג האָבען מיר געוואַכט איבער זיי. דאָס וואָס איך האָב געזעהען, גע־הערט און איבערגעלעבט אין בלויז די דאָזיגע 4 טעג, וועל איך מיין לעבען לאַנג נישט פֿערגעסען. דאָס זיינען געווען די 4 שוואַרצעסטע טעג פֿון מיין גאַנצער דינסט, און איך מוז מודה זיין אַז איך בין געווען שטאַרקער ווי אייזען און האַר־טער פֿון שטיין, ווען איך האָב מיט דעם באַגנעט, מיט וועל־כען איך בין אויף דער וואַך געשטאַנען, נישט דורכגעלעכערט דאָס מערדערישע האַרץ פֿון אונזער אירלענדישען אָפֿיציער פֿאַר זיין שוידערליכער, ברוטאַלער און מערדערישער בענעה־מונג צו די אָרימע, אומגליקליכע, הילפֿלאָזע און אונבעוואַ־פֿענטע געפֿאַנגענע.

בינו־לבינו איז דער באַטאַליאָן אַריין אין ע ס ־ ס אַ ל ט און זי אינגאַנצען פֿערנומען, און אַ אָבטיילונג איז אונז גע־קומען בייטען, מחמת מיר האָבען געמוזט אַוועקגעהן אַלס שומרים איבער אַ פּאַרטיע געפֿאַנגענע, וועלכע מיר האָבען געהאַט צוצושטעלען אין י ר י ח ו צו די אויסטראַליער. די גע־פֿאַנגענע זיינען געפּאַקט געוואָרען אין מיליטערישע פֿראַכט־וואַגאָנען, מיט אַ סאָלדאַט אַלס וואַך אין יעדען. די געפֿאַנ־גענע האָבען מיר ריכטיג צוגעשטעלט און איבערגעגעבען, דאַן זיינען מיר אַוועק צום לאַגער, וואו די שפּייז־מאַגאַזינען האָבען זיך געפֿונען און זיינען דאָרט געבליבען צייטווייליג מיט די איבעריגע חברה אונזערע, וועלכע זיינען דאָרט גע־שטאַנען אויף וואַך.

דערווייל האָבען חברה אין באַטאַליאָן אָנגעהויבען צו פֿיבערען, און ביסלעכווייז האָט מען מאַנכע אָבגעשיקט אין די שפּיטעלער פֿון י ר ו ש ל י ם, ל ו ד און ע ג י פּ ט ע ן, איי־ניגע פֿיבערדיגע האָט מען ביי אונז צוגענומען נאָך זייענדיג

אין עמק־הירדן, פֿאַר אונזער בעריהמטען מאַרש קיין עס־סאַלט. אויך איך האָב דערשפּירט דאָס אָנקומען פֿון פֿיבער, און וויסענדיג וואָס פֿאַר אַ סם דער דאָזיגער טהאָל איז פֿאַר דעם, אויך נישט וועלענדיג קלעטערען די 30 מייל באַרג אַרויף פֿון יריחו קיין ירושלים מיט'ן באַטאַליאָן, האָב איך זיך געלאָזט איינרעדען פֿון מיינע צוויי חברים, אָסטראָווסקי און קאַץ, וועלכע האָבען געהאַט אָקאָרשט געקומען מיט אַ פּאַרטיע געפֿאַנגענע, און אויפ'ן דריטען טאָג נאָך מיין אָנקומען אין יריחו האָבען מיר גאַנץ פֿריה זיך אַרויסגעגנב'ט פשוט פֿון לאַגער און זיך אַוועקגעלאָזען מיט'ן אַלטען רוימישען וועג אין די בערג אויפ'ן וועג נאָך ירושלים.

די זון האָט שרעקליך געברענט און די פּעקלעך האָבען געבויגען די פּלייצע, מיר האָבען אָבער נישט געקוקט אויף קיין גליקען. גראַדע האָט אונז דאָס מזל צוגעשמייכעלט און אין די בערג האָט אונז אויפֿגענומען אַ פּראַכט אויטאָמאָביל, וואָס איז געפֿיהרט געוואָרען דורך אַ בריטישען סאָלדאַט מיט אַן'אָפֿיציער, וועלכער איז געווען פֿריינדליך גענוג, אונז צו מאַכען דעם פֿאָרשלאַג, וועלכען מיר האָבען געוועהנליך מיט פֿערגעניגען אָנגענומען. אין ירושלים האָבען זיי אונז אַרונטערגעלאָזען, און דאָרט האָבען מיר זיך צושיידט, זיי זיינען אַוועק צו בעקאַנטע, און איך — אין דער אידישער סאָלדאַטען־היים (בית החילים), וועלכע האָט זיך דאָרט געהאַט לעצטענס געגרינדעט.

XXI.

## אין דער ירושלים'ער סאָלדאַטען־היים; מיר ווערען גע'משפט אלס „דעזערטירען".

אייגענטליך בין איך עס געווען דער ערשטער סאָלדאַט, וועלכער האָט געמאַכט שהחיינו איבער דער ניי־געעפֿענטער



רעקרוטען פֿון 40-טן אידישען באַטאַליאָן (א"י) ביים ברעג פֿון מיטעללענדישען ים (ים התכלת)

אידישער סאָלדאַטען־היים אין ירושלים. יענעם אָווענד האָב איך דערפילט שטאַרקע קאָפּ־שמערצען, און בין אַוועק פריה שלאָפען. אַ גאַנצע נאַכט האָט עס מיר געוואָרפען אין היץ און אין קעלט, עס האָט מיר אָנגעכאַפּט דער אמת'ער ארץ־ישראל־פיבער, וועלכער האָט מיר נישט אָבגעלאָזען גאַנצע 3 טעג. די 3 טעג בין איך פון בעט נישט אַרויס, ערשט אויפ'ן 4־טען טאָג בין איך מיט מאַטערניש פון בעט אַרונטער, איך בין דאַן געווען אַזוי שוואַך, אַז איך האָב זיך געמוזט באַנוצען מיט אַ שטעקען צום געהן, און אַ קוק־געבענדיג דאַן אין שפיגעל, האָב איך פאַר זיך דערזעהן אַ געשפּענסט. אויפ'ן 5־טען טאָג נאָך מיין אָנקומען אין ירושלים איז אויך דער באַטאַליאָן נאָכגעקומען און זיך אָבגעשטעלט אויף איינעם פון די שכנות'דיגע בערג בערך 2 מייל אויף דער אַנדערער זייט שטאָדט. איך האָב דאַן גענומען מיין פעקיל, זיך פריינדליך פעראָבשיידעט מיט די פערוואַלטער פון דער היים, בעצאָהלט די איינציגע פיאַסטער, וואָס איז געקומען פון מיר, און אַוועק מיט דער הילף פון מיין שטעקעלע אין באַטאַליאָן־לאַגער.

איך האָב שוין לכתחילה געוואוסט, אַז קיין האָניג ערוואַרט מיר דאָרט נישט, נאָך דעם ווי איך האָב פערלאָזען מיין וואַך און בין אָבוועזענד געווען 5 טעג אָהן אַנ'ערלויבניש. אָנקו־מענדיג אַהין, האָב איך דאָרט שוין געטראָפען מיינע אַנדערע צוויי חברים, וועלכע האָבען מיר אָנגעזאָגט די בשורה, אַז מיר דריי זיינען פערצייכענט אין דער ליסטע פון די אַנטלאָפענע און דערזוערטירען. נישט קוקענדיג אויף דער בשורה האָב איך זיך געמאַכט האַרץ, אַוועקגעלעגט מיין געפעק ביי איינעם פון די געצעלטען און אַליין אַוועק נעהמען די ווינטערדיגע קליידונג, וועלכע מען האָט דאַן געטיילט. אונזער קאָמפּאַניע־סערזשאַנט, אין אַלגעמיין אַ וואוילער ענגליש־אידישער יונגערמאַן (אויפ'ן שוועל פון פרייהייט נאָך אַזוי פיעל יאָהרען פון איבערלעבונגען אויף פערשידענע פראָנטען, ווען ער האָט שוין מיט אַזוי פיעל

בעגייסטערונג גערעדט פון זיין צוריקקעהר אין זיין ענגלישער היים און טרעפען זיך מיט זיינע טייערסטע דאָרטען, וועלכע ער האָט שוין נישט געזעהן זייט עטליכע יאָהר, איז ער געשטאָרבען פון מאַלאַריע און געפונען זיין קבר אין דעם לאַנד, וועלכעס ער האָט נישט געקענט און דערפאַר נישט געליבט), האָט מיר בעמערקט און געהייסען זיך מעלדען אין וואַך־הויז.

ווען איך האָב געקריגען מיינע ווינטערדיגע מטלטלין, האָב איך זיך טאַקע געמאָלדען אין וואַך־הויז און דאָרט בין איך פערהאַלטען געוואָרען אונטער אַרעסט. דאָס איז געווען דאָס ערשטע מאָל אין מיין דינסט, אַז איך בין געווען אַנ׳־אַרעסטאַנט אונטער אַזאַ שווערע בעשולדיגונג, ווי אַנטלויפען פון די רייהען אין דער צייט פון מלחמה. לויט די קלאַנגען, וואָס האָבען זיך פערשפּרייט אין לאַגער, האָבען מיר ערוואַרטעט אַ שווערען משפט. די אַנדערע צוויי חברים זיינען געווען פערשפאַרט צוזאַמען מיט מיר. אויף מאָרגען זיינען מיר, אָנשטאָט פאַר אַ קריעגס־געריכט, געפיהרט געוואָרען צום קאָלאָנעל (פּולקאָווניק). עס זיינען פאָרגעלעזען געוואָרען די קלאַגעס און מען האָט אונז געפרעגט, צי האָבען מיר עטוואָס צו זאָגען צו אונזער פערטיידיגונג. דאַן האָט דער קאָלאָנעל זיך געווענדעט צו אונז בזו הלשון: „אין דער צייט, ווען די גרויסע מלחמה איז שוין כמעט צו ענדע, ווען די אַרמעען ווערען באַלד צוּלאָזען און ווען יעטוועדער וועט ווערען פריי צו טהון, וואָס ער וויל, וועט איהר זיך וואַלגערען אין פערשידענע טורמעס און טהון צעהן יאָהר שווערע אַרבייט". אַ גרויל האָט אונז אָנגעכאַפּט הערענדיג די ווערטער, וועלכע דער קאָלאָנעל האָט אַרויסגעזאָגט מיט אַזוי פיעל שטרענגקייט און ערנסט, און ענדליך האָט ער אַרויסגעדונערט: „סאָלדאַט נירענשטיין, פאַר פערלאָזען די וואַך־אָבטיילונג אויף גאַנצע 5 טעג אָהן ערלויבניש — 21 טעג שווערע פעלד־אַרבייט", און אָסטראָווסקי מיט׳ן

צוויטען חבר, זייענדיג די אנפיהרער פון דער געשיכטע האבען בעקומען צו 28 טעג שווערע פעלד־ארבייט.

מיר זיינען נבהל ונשתומם געווארען פון דעם דאזיגען משפט און האבען אונזערע אויערען נישט געגלויבט, ערשט שפעטער האבען מיר זיך ערקונדיגט, אז ווען דער קאלאנעל אליין איז דער ריכטער קאן ער מעהר ווי 28 טעג שווערע ארבייט נישט געבען. דאך א אידישע גזלן. ווען דאס געהט אריין אין די הענד פון א קריעגס־געריכט, וואלטען מיר אב־געשניטען זעהר שלעכט, דאס האט ער פאראויסגעזעהען און האט עס אויסגעמיטען; — א אידישע נשמה איז נישט אבצושאצען.

נאך דעמזועלבען פארנאכט האט זיך אונזער שטראף אנ־געפאנגען מיט שווערע ארבייט אין לאגער גופא. בכלל איז דער גאנצער לאגער פול געווען מיט פיבערדיגע, וועלכע מען האט נישט געקאנט צושיקען אין די האספיטעלער, צוליב מאנגעל אין פלאץ, און דער עיקר טאקע ווייל פאר אידישע סאלדאטען האט די מיליטערישע אדמיניסטראציע גארנישט געוואלט טהון, און זיך אויסגעדרעהט מיט פערשידענע תירוצים. עס זיינען בלויז געבליבען עטליכע הונדערט געזונטערע פון גאנצע 1000 מאן.

דריי טעג שפעטער איז אין באטאליאן פראפארציאנעל אויסגעקליבען געווארען א פארטיע סאלדאטען אלס וואך איבער א טראנספארט געפאנגענע, וועלכע מיר האבען געדארפט צו־שטעלען קיין לוד, וואוהין אונזער באטאליאן האט געדארפט נאכקומען. אזוי ווי אבער אונזער קאמפאניע איז זעהר פער־קלענערט געווארען צוליב די פילע קראנקע, בין איך מיט אסטראווסקי'ן אויך געווען צווישען דער פארטיע. מיר האבען דאן אוועקגעמארשירט צו דער ירושלים'ער באהן־סטאציע, וואו מיר האבען זיך געשטעלט ווארטען ביז מען וועט ברענגען

די געפאַנגענע. אַריבער 10 אָקסען־וואַגאָנען זיינען אָנגעפאַקט געוואָרען מיט צוויי וואַך־לייט אין יעדען וואַגאָן און עס איז געווען ממש דערשטיקט צו ווערען פון ענגשאַפט און היץ. אויפ'ן וועג האָט אונז אָנגעכאַפּט דער ריכטיגע פיבער, און מיין קאָפּ איז שיעור צושפרונגען געוואָרען, מיין צווייטער שותף אָבער איז איינפאַך איינגאַנצען געקראָכען פון דער הויט און כ'האָב געמיינט, אַז מיט איהם איז עס אויס. ווי שלעכט מיר איז געווען, האָב איך איהם געפרובט פערלינדערען זיינע שמערצען ווי ווייט מעגליך; ער האָט זאָגאַר אין גרויסער היץ איניגע מאָל געוואָלט זיך אַרויסוואַרפען פון לויפענדען וואַגאָן און כ'האָב איהם מיט גרויס אָנשטרענגונג נישט דערלאָזט דערצו. ענדליך זיינען מיר נאָך 3 שעה פאָהרען געקומען קיין לוד, וואו מען האָט די געפאַנגענע פון אונז באַלד איבער־גענומען. עס איז שוין געווען פאַרנאַכט ביים זונען־אונטערגאַנג, די געזונטערע זיינען אַוועק צו־פוס די 3 מייל ביז סאַראַפענד, וואו עס האָט זיך שוין געפונען מיין אָבטיילונג פון באַטאַליאָן. איך מיט דעם צווייטען זיינען געבליבען אויף דער פלאַטפאָרמע וואַרטען ביז מען וועט אונז אַוועקפיהרען פון דאַנען. העלפט גאָט, און ביי אונז ביידען האָט דער פיבער פאַרנאַכט אָב־געלאָזען, און ערשט שפעט ביינאכט האָבען מיר זיך ערוואַרט אויף דעם פּראכט־אויטאָמאָביל, וואָס האָט אונז אַוועקגעפיהרט אין אונזער לאַגער אַריין.

אויפ'ן קומענדיגען טאָג האָט מען אָנגעהויבען מקיים פסק זיין אונז כדין וכדת, און 5—6 שטונדען אין טאָג פלעג איך טהון די שמוציגסטע און שווערסטע אַרבייט אין לאַגער. איך בין שוין צו יענער צייט געווען דאַר ווי אַ שפענדעל, צובראָכען, און דער פיבער פלעגט מיר אָנכאַפּען יעדען טאָג, דאָך בין איך געווען שטאַלץ געגנוג זיך נישט אונטערצוגעבען. ערשט אויפ'ן 9־טען טאָג פון מיין שטראָף בין איך שטאַרק קראנק געוואָרען, מיט געוואַלד בין איך געשלעפּט געוואָרען

צום דאָקטאָר, וועלכער האָט מיר אונטערזוכט און געהייסען שיקען אין שפיטאָל.

## XXII.

# קרבנות פון עמק הירדן.

עס איז געווען מיטוואָך, דעם 17־טען אָקטאָבער, 1918, ווען דער רויטער־קרייץ אַמבולאַנס האָט אונז אַוועקגעפיהרט אין אַ צייטווייליגען שפיטאָל אין לוד גופא, וואו מען געפינט קודם אויס אויף וואָס איינער לײַדט, דאַן שיקט מען איהם אין די עגיפּטישע שפּיטעלער. אין אונזער צייטווייליגען שפיטאָל, וועלכער איז בעשטאַנען פון איין גרויס געצעלט, זיינען געלעגען אויף דער ערד אַ צוואַנציג טראָג־בעטלאַך פאַר די פאַציענטען, מיט 2 סאָלדאַטען־דינער צו יעדעם. בערך 20—30 אַזעלכע געצעלטען זיינען געשטאַנען אין אַ קליינעם אָליווען־גאָרטען, און דאָס האָט מיט זיך פאָרגעשטעלט דער פעלד־שפּיטאָל. יענעם אָוונד האָט מען פון מיין אָרעם געצאַפּט אַביסעל בלוט, וואָס איז אונטערזוכט געוואָרען, און מען האָט אויסגעפונען, אַז עס ענטהאַלט אין זיך די מאַלאַריע־באַצילען, מען האָט עס אָבער פערכאַפּט אין דער ריכטיגער צייט. דאָס רוב פיבערדיגע פלעגען נישט קענען קוקען אויף עסענוואַרג, איך אָבער בין גראַדע געווען אַנ'אויסנאַהם און איך האָב ממש אַלעם געפרעסען, ווי אַנ'אמת'ער געזונטער, מעגליך דערפאַר וואָס איך בין פשוט געווען אויסגעהונגערט.

אין יענעם שפיטאָל האָב איך זיך עס דערוואוסט, אַז איינער פון אונזערע אַמעריקאַניש־אידישע לעגיאָנערען, אַ קליוולענדער, מיט'ן נאָמען קלוגמאַן ז"ל, איז אַרויפגעטרעטען נישט ווילענדיג אויף אַנ'איבערגעלאָזענעם דייטשען גראַנאַט, וועלכער האָט גלייך עקספּלאָדירט און איהם אָפּגעריסען אַ זייט. 2 טעג האָט דער אומגליקליכער זיך געמאַטערט און

ענדליך איז ער געשטאָרבען אין די גרעסטע מאַטערנישען אין איינעם פֿון די ירושלים'ער שפּיטעלער. תנצב"ה. דאָס איז געווען דער איינציגער דירעקטער קרבן פֿון דער שלאַכט־ליניע אין אונזער 39־טען באַטאַליאָן.

קומענדען שבת נאָכמיטאָג, פֿיהלענדיג זיך עטוואָס בעסער, האָט מען אַ גאַנצע פּאַרטיע אונזערע אָפּגעשיקט אין פֿראַכט־וואַגאָנען קיין עזה. דאָרט איז שוין געווען אַ שפּיטאָל מיט אַלע פּיטשעווקעס, און דער פּלאַץ זעהר אַ געזונטער.

אפילו אין שפּיטאָל האָט מיר דער שלים־מזל נישט אָפּגעלאָזען, און אָנשטאָט צו ליגען אין בעט און אַ סימפּאַטישע שוועסטער מיט אַ זיס שמייכעלע זאָל מיר צוזעהן, בין איך גאָר ווי אויף צו להכעיס געווען געזונד געזונט צו געהן עסען אין שפּייז־געצעלט פֿאַר די געזונטערע פּאַציענטען, דערפֿאַר האָב איך געהאַט די זכיה צו קריגען 3 מאָל אין טאָג אַ פּאָרציע פֿון פֿליסיגע כינין פֿון אַ הויכגעוויקסיגער בלאָנדער, סימפּאַטישער אירלענדישער שוועסטער, איך האָב איהר אָבער מוחל געווען דעם כבוד און זיך פֿאַרבעהאַלטען אַזוי שנעל ווי איך פֿלעג איהר בעמערקען אָנקומען מיט'ן פֿלעשעלע, דערפֿאַר אָבער, אַז זי פֿלעגט מיר אַמאָל שוין פּאַקען פֿלעג איך מוזען איינגעהמען גאַנצע 3 פּאָרציעס מיט אַמאָל.

אַ וואָך שפּעטער האָט מען אונז שוין אַוועקגעשיקט מיט אַ שפּיטאָל־וואַגאָן קיין קאַנטאראַ, און אויף מאָרגען פֿון דאָרט קיין קאַיראָ אין ציטאַדעל־שפּיטאָל.

גאַנצע 8 טעג זיינען מיר דאָרט געווען און האָבען זיך דערוואוסט די סאַמע לעצטע נייעס פֿון די מערב־פֿראָנטען. נאָך זייענדיג אין ירושלים האָב איך געהערט פֿון בולגאַריענס אונטערגעבען זיך און דאָ האָב איך זיך אויך דערוואוסט פֿון עסטרייך'ס פֿאַל. ענדליך האָט מען אונז דעם 1־טען נאָוועמבער, 1918, אַוועקגעשיקט פֿון דאָרט אין אַ קאָנוואַלעסצענטען־לאַגער נעבען קאַיראָ, פֿון וואַנען מען קעהרט

זיך אום צוריק צו דער סאָלדאַטשינאַ. גאַנצע 7 וואָכען האָבען מיר, אַ גרויסע צאָהל מיטגלידער פון 38־טען און 39־טען, פאַרבראַכט אין יענעם לאַגער. אָט דאָרט האָבען מיר עס גע־לעזען די נייעס פון טערקיי'ס פאל, און דאַן, ענדליך! ענדליך! דאָס פאַלען פון דער וועלט־שרעקענדער דייטשער באַסטיליע, דעם 11־טען נאָוועמבער, 1918.

איבער 5000 סאָלדאַטען פון פערשידענע רעגימענטען און דיוויזיאָנען פון דער ברישער אַרמעע האָבען זיך דאַן אין יענעם לאַגער געפונען. דאַן שטעלט זיך פאָר, ווען אַזאַ גרויסע מאַסע האָט ענדליך דערהערט דאָס וואָרט „פרידען", אַ וואָרט וואָס האָט פריהער געקלונגען ווי אַ ווייטע אוטאָפּיע, ווי אַנ'־אומדערגרייכבאַרע פאַנטאַזיע...

יענע עטליכע טעג האָבען זיך אין די מענשען אַרויסגע־וויזען אַלע זייערע שטרעמונגען, און דער עיקר טאַקע האָט זיך אויפגעכאַפּט דאַן די חיה פון גרויסער שמחה. נישט איין עגיפּטיער האט דאַן מיט'ן לעבען בעצאָהלט, און זאָגאר 17 בריטיש־מיליטערישע פּאָליצײ־לייט זיינען אויף פערשידענע אופנים ערמאָרדעט געוואָרען, פּרובירענדיג איינצושטעלען אָרד־נונג צווישען די צווישעטע ווילדע סאָלדאַטען. גאַנצע 10 וואָכען בין איך געווען אַוועק פון באַטאַליאָן און בין אונטערדעסען געקומען ממש צו מיינע כחות. און ענדליך האָט מען אונז ווידער בעזאָרגט מיט אַ האָרב אויף די פּלייצעס... אַ ביקס און באַגנעט, און מיר (דאָס הייסט אַ גאַנצע מחנה פון 600 אידישע סאָלדאַטען פון 38־טען און 39־טען באַטאַליאָן) זיינען צוריקגעשיקט געוואָרען צו אונזערע באַטאַליאָנען. עס איז געווען ענדע 1918, ווען מיר האָבען ווידער אַמאָל דערזעהען די אויפבליהענדע פעלדער פון די אידישע קאָלאָניעס, דעם טיעף־בלויען הימעל און די ברענענדיגע זון פון אונזער א ר ץ י ש ר א ל.

איך האָב געזעהען בכלל אַ גרויסען אונטערשיד פון מיין

ערשטען ביז דעם צווייטען בעזוך אין ארץ ישראל אין דער צייט פון פרידען. מיר זיינען ווידער אַמאָל אין אונזער אַלטען לאַגער, וועלכען עס איז שווער געווען צו דערקענען. אָנשטאָט קליינע ביידלעך, וואָס מיר פלעגען שטענדיג טראָגען אויף די פּלייצעס, ווען מיר זיינען געווען אויפ׳ן מאַרש, זיינען איצט דאָרט געשטאַנען ביי הונדערט ריכטיגע סאָלדאַטסקע געצעל־טען, ווי אין די גוטע צייטען אין ענגלאַנד און עגיפּטען, און בכלל איז פון אונזער דערפעל געוואָרען אַ גרויסע שטאָדט. אויך זיינען אין דער צייט פון מיין אבוועזענהייט צוגעקומען נאָך אַמעריקאַניש־אידישע לעגיאָנערען און דאָס זיינען געווען מיטגלידער פון דער דריטער גרופּע לעגיאָנערען, וועלכע זיינען אָנגעקומען קיין עגיפּטען פּונקט אין דעם טאָג ווען מיר האָבען פערלאָזען דעם ארץ ישראל׳דיגען פראָנט. זיי זיינען פערטיילט געוואָרען פּראָפּאָרציאָנעל אין אַלע דריי אידישע באַטאַליאָנען, 38־טען, 39־טען און 40־טען (ארץ־ישראל־באַטאַליאָן).

בערך איין מייל פון אונז, נעבען די קאָלאָניעס רחובות און באר־יעקב, איז דאַן געווען דער לאַגער פון דעם 40טען באַטאַליאָן. אין אונזער באַטאַליאָן איז שוין דאַן נישט געווען די אַמאָליגע שטרענגקייט פון דער אַרמעע־דיסציפּלין. ביס־לעכווייז האָט מען שוין אָנגעפאַנגען פונאַנדערצולאָזען די אַר־מעען פון אַלע פראָנטען, מיר זיינען אָבער נאָך אַלץ געבליבען נעבען אַראַבישען דאָרף סאראפין בשכנות פון די אידישע קאָלאָניעס. אַ דאַנק דער טייערער גאָלדענער אַדמיניסטראַציע טאָרען קיין אידישע סאָלדאַטען נישט בעזוכען די אידישע קאָלאָניעס. נו? וואָס־זשע מיינט איהר? איז אָנשטאָט צו וויזען דעם מיליטערישען פּאָליציי־מאַן די נויטיגע ערלויבניש, קריגט ער אַ מתנת־יד גלייך אין די צייהן אַריין, אַז ער פערשפּאָרט שוין נאָכאַמאָל צו פרעגען. ביז שפּעט אין דער נאַכט פלעגט מען פערברענגען אין די קאָלאָניעס. מיר האָבען, ווי דער

ענגלענדער זאָגט, געטהון אונזער שמוציגע אַרבייט אין דער מלחמה: פולווער געשמעקט און קיין בלוט נישט פערגאָסען, און די געוויסענס אונזערע בלייבען רוהיג.

בלויז די ערשטע און צווייטע גרופען פון די אַמעריקאַניש־אידישע לעגיאָנערען (בערך 500 אין דער צאָהל) האָבען אַנ׳־אַקטיווען אנטייל גענומען אין די שלאַכטען פון דער לעצטער ארץ־ישראל אָפּענסיווע. דאָס זיינען געווען דער 38־טער, וואָס איז בעשטאַנען פון ענגליש־אידישע יונגעליים, און דער 39־טער האַלב פון ענגליש־אידישע און האַלב פון אַמעריקאַניש־אידישע יונגעליים. עס בלייבט אַ היסטאָרישער פאַקט, אַז די 2 דערמאָהנטע אידישע באַטאַליאָנען האָבען געהאַלטען דעם גאַנצען מזרח׳דיגען פראָנט ביים ירדן, און טראָץ דעם, וואָס די הינטישע מיליטערישע אַדמיניסטראַציע האָט זיך געסטאַרעט נישט דורכצולאָזען דורך איהר צענזור דעם שבח פאַר אונזערע באַטאַליאָנען, זיינען מיר דאָך דערמאָהנט געוואָרען אַלס 2 ספעציעלע אידישע באַטאַליאָנען, וועלכע האָבען אַוואַנסירט און גענומען די שטאָדט עס־סאַלט אינ׳ם עבר־הירדן, און בכלל העלדיש זיך בעטייליגט אין דער לעצטער אָפענסיווע.

## XXIII.

## די לעצטע חדשים אין ארץ־ישראל.

אָנפאַנג יאַנואַר 1919 זיינען ווידער אין אונזער לאַגער אָנגעקומען פרישע 1100 אַמעריקאַניש־אידישע לעגיאָנערען, וועלכע זיינען נאָכדעם ווידער צוטיילט געוואָרען פראָפּאָרציאָנעל אין 38־טען און 39־טען באַטאַליאָן. זיי זיינען געקומען שפעט ביי־נאַכט און איך האָב זיי אפילו קיין צייט נישט געהאַט ריכטיג אָנצוקוקען, ווייל צומאָרגענס גאַנץ פריה בין איך אַוועק אין וואַדי־סוראַר (אַ באַהן־סטאַציע צווישען

די קאָלאָניעס חולדה און עקרון) אויף וואַך. בערך 8 מייל פון באַטאַליאָנס לאַגער און איין מייל פון דער באַהן־סטאַציע, אין אַ קליינעם אייקאַליפּטוס־וועלדעל פון אַ געוועזענער אַראַבישער פּערמע, זיינען געשטאַנען 3 קליינע געצעלטען מיט איין גרויסען. דאָס איז געווען דער לאַגער פון דער וואַך, וואָס איז בעשטאַנען פון 18 פּערזאָן, דעם סערזשאַנט און קאָרפּאָראָל אַריינגערעכענט. בכלל איז אונזער וואַך געשטאַנען, אַזוי צו זאָגען, אין צענטער פון אידישען ישוב, אַ האַלבע שעה גאַנג פון חולדה, אָנדערהאַלבען שעה פון כפר־אוריה, וועלכע ליגט שוין ביי די סאַמע פּיס פון די הרי־יהודה, אייז שעה פון עקרון, 2 שעה פון גדרה און 20 מינוט מיט דער באַהן פון ערטוף (אַ בולגאַריש־אידישע קאָלאָניע).

די לאַנדשאַפט פון דער אומגעגענד איז געווען וואונדערבאַר, און אין דער לבנה־נאַכט, שטעהענדיג אויף דער וואַך, איז ממש געווען משוגע צו ווערען.

עקרון איז געווען כמעט די איינציגע קאָלאָניע, וועלכע מיר פלעגען בעזוכען אין אונזערע פּרייע שעה'ן, ערשטענס דערפאַר וואָס זי איז טאַקע געווען די נאָהנטסטע קאָלאָניע, חוץ דער קליינער חולדה, און צווייטענס טאַקע דערפאַר, וואָס דאָרטען פלעגט זיין יונגוואַרג פון רויטען בלוט, מיט וועלכע מיר פלעגען צוזאַמען זיך אַמוזירען. אונזער עיקר צוזאַמענקלייבען זיך פלעגט זיין ביים אַפּטייקער, אַנ'אַלטער ליטווישער בחור, אַ קאַרגער, אָבער דאָך אַ גוטער ברודער. ביי איהם פלעגט זיך אויפקלייבען יונגוואַרג פון דער גאַנצער קאָלאָניע, און מען פלעגט פערברענגען אויף פערשידענע אופנים. דער אַפּטייקער האָט פערמאָגט אַ פידעל, פלעג איך אויף איהר שפּילען; דאָס האָט מען זיך דערוואוסט אין דער קאָלאָניע, און ווען איך פלעג שפּילען פלעגט זיך אויפזאַמלען כמעט אַ האַלבע קאָלאָניע אונטער'ן פענסטער.

שפּעטער האָב איך זיך בעקאַנט מיט דער 17־יעהריגער

שוואַרץ־חנ׳עוודיגער סימפּאַטישער אידישער טאָכטער פון אַ דאָרטיגען לעהרער און פּעדאַגאָג. זי האָט בעזעסען זעהר אַ זים אָנגענעהם שטימעלע, און ווען זי פלעגט זינגען עטוואָס סענטימענטאַלעס, בעגלייט פון מיין פידעל, פלעגען ביידע שטאַרק וויינען, אי דער פידעל אי דער האַלז. ביידע זיינען מיר געווען סענטימענטאַלע פיהלענדע יונגע נשמות, און ווען מיר פלעגען ענדיגען פלעגען אויף אַלעמענס פנים׳ער שיינען די טרעהרען אין די אויגען. איך האָב ליעב געקריגען דאָס חנ׳עוודיגע אידישע טעכטעריל מיט איהרע סאַמעט־שוואַרצע אויגען און פעך־שוואַרצע האָר, ברוינליכע געזיכטסצוגען, ווי אַנ׳אמת׳ע טאָכטער פון אָריענט. איך האָב איהר געליבט ממש ווי אַ שוועסטער. ביידע זיינען מיר געווען שעמעוודיגע, און ווען אונזערע בליקען פלעגען זיך בעגעגענען, פלעגען זיי זיך באַלד אַרונטערלאָזען. ווען אָבער מיר האָבען בעגלייט איינער דעם צווייטען ביים זינגען און שפּילען, האָבען מיר זיך פערשטאַנען, און שפּעטער, ווען מיר האָבען די וואַך פערלאָזען און נישט געקענט בעזוכען עקרון, פלעג איך אָפט שעה׳נווייז זיצען אין מיין געצעלט און טראַכטען פון דער דאָזיגער שוועסטער מיינער...

אַוועקשטעלענדיג זיך אויף איינעם פון די אַרומיגע בערגלעך, פלעגט זיך פאַר די אויגען ווייט און ברייט אויסשפּרייטען דער גאַנצער עמק השרון, בעדעקט מיט אַ גרינעם סאַמעט און ווילדע בלומען, און אין סאַמע מערב־האָריזאָנט פלעגט מען זעהן די בלויע וואַסערען פון ים־התכלת אָדער מיטעללענדישען ים. אין איינער פון די ארץ ישראל׳דיגע לבנה־נעכט בין איך מיט נאָך איין חבר מיינעם געווען אויף דער וואַך אין גאָרטען פון דער עקרונער קבוצה, וואָס איז בעשטאַנען פון 4 מיידלאך, פון וועלכע איינה חנה טשיזיק איז געווען די אָנפיהרערין. אַ גאַנצע נאַכט האָבען מיר שפּאַצירט אַרום גאָרטען. אַלץ אַרום איז געווען איינגעהילט

אין אַ טויטער שטילקייט, וועלכע פּלעגט בלויז געשטערט ווערען פון אַ נאַכט־פויגעל, אַ שאַקאַל, אָדער דאָס ווילדע לאַכען פון דער היענע. אין מזרח׳דיגען האָריזאָנט האָבען אָפּגעשלאָגען די שאָטענס פון די יהודה־בערג, און די לבנה האָט ממש פערכשופ׳ט. יעדער פון אונז איז געשטאַנען בעזונדער און געחלומ׳ט, און דאָרט ווייט ווייט האָט זיך אַ וואַנדערענדער אַראַבער צוטראָגען אין זיין „יאַלעל״, זיין אַראַביש וועה־ליעד.

אַ געוויסען אָווענד האָב איך זיך פערשפעטיגט אין דער קאָלאָניע; אַלע חברים, וועלכע זיינען מיט מיר מיטגעקו־מען, האָבען שוין לאַנג צוריקגעקעהרט, ווייל עס איז געווען זייער צייט צו שטעהן אויף דער וואַך. איך האָב געדאַרפט שטעהן פון 4 ביז 6. און גראַדע האָבען חברה געהאַט דער־צעהלט, אַז נעבען איינעם פון די שכנות׳דיגע בערגלעך האָבען אייניגע געזעהען אַ היענע (אַ רויב־חיה, וואָס ערנעהרט זיך מייסטענס פון נבלות און זעלטען בעפאַלט זי אויך אַ מענשען). וועגען דער דאָזיגער חיה איז אין ארץ ישראל צווישען די אידען און אַראַבער פערשפרייט פילע שרעקליכע לעגענדען, און כאָטש איך האָב גאַנץ גוט געוואוסט אַז דאָס זיינען נישט מעהר ווי בבא־מעשיות, האָט מיר די נייעס נישט געשמעקט. איך האָב דאָך אָבער געמוזט זיין צוריק אין לאַגער, האָב איך זיך אַוועקגעלאָזען איינער אַליין דורך די 3 מייל מדבר, וועלכער ליעגט אויסגעשפרייט צווישען עקרון און אונזער לאַגער.

עס איז געווען דאָס ערשטע מאָל אין מיין לעבען, איך זאָל דאַרפען דורכגעהן אַזאַ פערוואָרפענעם פלאַץ איינער אַליין. דאָ קען מען זיך בעגעגענען פנים־אל־פנים ענטוועדער מיט אַ בעדואינער, אַראַבער, אָדער טאַקע מיט אַ היענע — אַלע 3 נישט קיין אַנגענעהמע געסט, ווען מען טרעפט זיי ביי נאַכט. קורץ, איך בין אַרויסגעגאַנגען פון דער קאָלאָניע מיט׳ן בעשלוס

צו קוקען די געפאהר גלייך אין די אויגען, און צו דעם צוועק האָב איך גלייך ביים אַרויסגאַנג ארויסגעצויגען מיין בלויזען באַגנעט און געשטעלט סאָלדאַטסקע טריט פאָראויס. דער עיקר פּחד איז געוועז אין וועלדעל וועלכען איך האָב געדאַרפט דורכגעהן, האַרט נעבען דער קאָלאָניע, און ביי יעדען שאָרך פּלעגט זיך מיר דאַכטען, אַז אַט שפּרינגט אַרויס עפּעס מיסטעריעזעס פון אונטער אַ בוים. ערשט ווען איך בין אַרויס אין אָפענעם פעלד, וואָס האָט זיך געבאָדען אין לבנה־שטראַהלען, האָב איך אָפגעאָטעמט פרייער, דאָך האָב איך געהאַלטען דעם באַגנעט גלייך פאָראויס, על כל צרה שלא תבוא... ענדליך האָבען זיך פון ווייטענס אַרויסגעוויזען די שפּיצען פון די אייקאַליפּטוסען פון אונזער לאַגער, און נאָך אַ שעה שנעלען גאַנג בין איך אָנגעקומען אין לאַגער.

קאַרגע 3 חדשים האָבען מיר פערבראַכט אין דעם לאַגער, און ענדע מערץ, 1919, האָט מען אונזער וואַך צוריק־גערופען צום באַטאַליאָן, וועלכען איך האָב שוין נישט מעהר ליעב געהאַט (אַלץ צוליעב דער אַנטיסעמיטישער אַדמיניס־טראַציע). גראַדע האָב איך דערפיהלט ביים אָנקומען צוריק אַביסעל וואַרעמקייט און בין אַוועק צום דאָקטאָר, וועלכער האָט מיר טאַקע גלייך אַוועקגעשיקט אין אַ פיבער־שפּיטאָל אין קאַנטאראַ. מעהר ווי 4 טעג בין איך דאָרט נישט געווען, ווייל קיין סימפּטאָמען פון מאַלאַריע האָב איך דאָס מאָל נישט געהאַט, בין איך גלייך געשיקט געוואָרען אין אַ לאַגער צו קריגען צוריק מיינע זאַכען, און השיבנו נאַזאַד צום באַטאַליאָן.

דאַרף זיך גראַדע מאַכען, אַז מען האָט געדאַרפט טראַנס־פּאָרטירען צוויי וואַגאָנען מיט שפּיטאָל־געצעלטען אַזש ביז אַלעפּאָ אין סוריה, און אַזוי ווי מען דאַרף האָבען איבער דעם צוויי וואַך־לייט, איז עס אויסגעפאַלען אויף מיין גורל און נאָך איינעם פון 38־טען.

יענעם אינדערפריה האָבען מיר ביידע אַוועקמאַרשירט צו די מיליטערישע מאַגאַזינען, וואו מיר האָבען געקריגען אונזער צדה־לדרך אויף 48 שעה, ווי אויך 60 קוילען יעדער, און דעם זעלבען פאַרנאַכט זיינען מיר שוין געזעסען אין אונזערע וואַגאָנען און איינגעאָרדענט זיך אין די צוזאַמענגעלעגטע געצעלטען.

די גאַנצע רייזע פון קאַנטאראַ ביז אַלעפּאָ האָט געדאַרפט נעהמען נישט מעהר ווי צוויי וואָכען, און מיר האָבען געדאַרפט דורכקרייצען מיט דער באַהן בערך 1000 מייל. ווידער אַמאָל האָבען מיר געשניטען דעם זאַמדיגען מדבר, און אויפ'ן צווייטען אָבענד זיינען מיר שטעהען גע־בליבען אין לוד אויף עטליכע שעה און כאָטש מיר זיינען געווען נישט ווייט פון מיין באַטאַליאָן, האָב איך אַפילו נישט געהאט דעם חשק אַ שפּרינג צו טהון און זעהן וואָס דאָרט הערט זיך. אויפ'ן 3־טען טאָג פון אונזער רייזע איז די באַהן שטעהן געבליבען אין חיפה, הארט ביי די פיס פון כרמל.

צו דרום פון חיפה, אונטער דעם שאָטען פון כרמל, איז דאַן געשטאַנען דער 40־טער ארץ־ישראל־באַטאַליאָן, וועלכער האָט געהאַלטען וואַך אין חיפה. די אַראַבער האָט עס נישט שטאַרק געשמעקט, וואָס די אַסקאַר־אל־יהוד (אידישע סאָלדאַטען) בעל־הבית'עווען דאָרט, און אַזוי ווייט איז עס געגאַנגען, אַז ביי זיי איז געווען פערשפּרייט די מיינונג, אַז נישט מעהר און נישט ווייניגער ווי 2 הונדערט טויזענד אי־דישע סאָלדאַטען שטעהען ביים כרמל, און דערפאַר טאַקע האָבען זיי דאַן געהאַט דרך ארץ פאַר אַ אידען, ווער רעדט נאָך פאַר אַ אידישען סאָלדאַט.

אַ גאַנצען חודש זיינען מיר אין חיפה געשטאַנען, מחמת די געצעלטען האָבען געדארפט טראַנספּאָרטירט ווערען פון דער ענגלישער באַהן אויף דער דייטש־טערקישער, וואָס איז פון דאָרט העכער געגאַנגען, און ווען איך דערמאָהן נישט

דעם דאָרטיגען מיליטערישען קאָמענדאַנט אָן אונזער אויפ־גאַבע וואָלטען מיר נאָך עד היום געשטאַנען. לויט די דינים פון דער אַרמעע האָבען מיר ביידע געמוזט זיין שטענדיג אויף דער וואַך און נישט פערלאָזען די וואַגאָנען, מחמת אַראַבער און בעדואינער איבערהויפט האָבען אַ גרויסע שוואַכקייט צו אַלץ, וואָס מען קען נאָר דערלאַנגען, אַזוי אָבער, ווייל מיר זיינען געווען איבער אונז אַליין די בעלי־בתים, פלעגט איינער אַוועק אין דער שטאָדט און דער אַנדערער פלעגט בלייבען אויף דער וואַך. אַלע טאָג כמעט פלעגען מיר זיך באָדען אין ים דאָרט, און איך בין געווען זעהר אַנ׳אָפטער גאַסט ביי די ארץ ישראל׳דיגע סאָלדאַטען און טאַקע מיט זיי צוזאַמען גע־פראַוועט דעם 2־טען סדר אין דער אַרמעע.

ערשט ענדע אַפריל האָבען מיר פערלאָזען ח י פ ה און אונזער באַהן האָט געשניטען דעם שעהנעם היסטאָרישען ע מ ק־י ז ר ע א ל.

מיט 6 שעה שפעטער איז די באַהן שטעהען געבליבען ביי כ פ ר צ מ ח, איין אַראַבישער דאָרף האַרט ביים כ נ ר ת י ם, וועלכער גיסט זיך אַרויס פון יענעם אָרט אין י ר ד ן אַריין.

איין בליק אויפ׳ן כ נ ר ת מיט זיינע טיעף־בלויע וואַסע־רען, וועלכע זיינען אַרומגערינגעלט מיט סודות׳דיגע בערג, פערכאַפט דעם אָטעם און נישט אומזיסט האָט אונז אַ ארץ ישראל׳דיגע טאָכטער איינמאָל דערצעהלט, אַז די לבנה־נעכט ביים כנרת זיינען אַזוי בעצויבערענד, אַז נישט איין יונגער מאַן אָדער מיידעל זיינען געפאַלען קרבנות דערמיט, וואָס שפאַצירענדיג אין דער פעלזיגער געגענד פון דער אידישער קאָלאָניע כנרת פלעגען זיי אין זייערע טרוימען ארונטערפאַלען פון די הויכע פעלזען און צושמעטערט ווערען, און לויט ווי זי האָט אונז איבערגעגעבען, געפינט זיך אין יענער געגענד

א גאַנצער בית־עולם פון אַזעלכע קרבנות פון ארץ־ישראל׳ס שעהנקייט.

10 מינוטען שפעטער איז די באַהן אַריין אין די סוריה׳ער בערג, און 2 שעה שפעטער זיינען מיר ווידער שטעהן געבליבען אויף איבער נאַכט אין דער שטאָדט כ א מ א.

אַזוי ווי עס איז נאָך געווען גרויסער טאָג בין איך אַוועק זיך באָדען אין אַ וואַרימען קוואַל וואָס איז געווען נישט ווייט פון דאָרטען, אָבער ווייל ס׳האָבען זיך דאָרט געפונען זעהר פיל בעדואינער, האָב איך אויס זיכערהייט גענומען מיט זיך אַ געלאָדענעם ביקס, וועלכען איך האָב אַוועקגעלעקט נעבען מיינע זאַכען ביים באָדען זיך. איין בעדואינער האָט אַפילו זיך געוואָלט צומאַכען צו מיר מיט גוטע ריידעלעך און שמייכלערייען; וויסענדיג אָבער, אַז נישט דאָס איז ער אויסען, האָב איך איהם מיט אַ מינע געצייגט אַז ער זאָל זיך האַלטען וואָס ווייטער, ווען עס זיין אַלץ געזונטער פאַר ביידען.

אויף צומאָרגענס האָט אונזער באַהן ווייטער געצויגען אַלץ העכער און העכער אין די בערג, און ביי דער זייט האָט זיך געגאָסען דער נ ח ל ־ י ר מ ו ק, וועמענס ברעגען עס זיינען געווען פערוואַקסען מיט נידריגע בוימלעך און ווילדע רויזען. די לאַנדשאַפט איז געווען פרעכטיג און שעהן אין איהר ווילדקייט.

העכער און העכער האָט זיך די באַהן געהויבען, דורכקרייצענדיג אַ היבש ביסעל טונעלען. אין איין פלאַץ זיינען מיר פערבייגעפאָהרען דאָס אָרט, וואו דער י ר מ ו ק פאַלט אַרונטער פון ס ו ר י ש ע ן איבערפלאַך אין די טיעפע טהאָלען פון די בערג, וואו ער פאָרמירט זיך אין אַ טייך און שווימט אין דער ריכטונג פון כ נ ר ת, וואוהין ער פאַלט ענדליך אַריין. אַ שעה שפעטער איז די באַהן שטעהן געבליבען אין ד מ ש ק, אינ׳ם פערעל פונ׳ם אָריענט, די הויפט־שטאָדט פון דער היינטיגער ס ו ר י ה און אַמאָליגען אַ ר ם. 2 טעג

זיינען מיר דאָרט געשטאַנען, און טאַקע געמאַכט אַ בעזוך אין דער שטאָדט גופא, וועלכע איז שוין היינט מעהר־ווייניג אייראָפּעאיזירט מיט עלעקטרישע בעלייכטונג און טראַמווייען.

אויפ'ן 3־טען טאָג האָבען מיר זיך ווייטער געשלעפּט מיט דער באַהן. און ביי איין סטאַציע מיטע'ן נאָמען ראַיאַק זיינען מיר ווידער שטעהן געבליבען איבער נאַכט, ווייל דאָרט האָט מען צום דריטען מאָהל געמוזט טראַנספּאָרטירען די געצעלטען אין דייטשע וואַגאָנען פון דער באַגדאד־בערלין ליניע. די סטאַציע ראַיאַק איז געשטאַנען־פּונקט אין טהאָל צווישען דעם אַלטען לבנון און אַנטי־לבנון (אָדער מול־הלבנון). דאָרט איז שוין געווען גוט קאַלט אין פערגלייך מיט ארץ־ישראל. אויפ'ן צווייטען טאָג זיינען מיר פאַרביי־געפאָהרען באַאַלבעק (אָדער בעל־בכּ) מיט די רואינען פון דעם בעל־טעמפּעל, וועלכער שטעהט נאָך עד היום, אַלס אייביגער אָנדענקען פון אַמאָליגע צייטען.

גאַנצע 2 טעג זיינען מיר געפאָהרען מיט'ן סורישע סטעפּ, וועלכער ווערט בעוואוינט פון וואַנדערענדע בעדואינער שבטים, און ענדליך נאָך אַ לאַנגען שלעפּען זיך, איז די באַהן אָנגעקומען קיין אַלעפּאָ, די אַמאָליגע ארם צובה, אַ שטאָדט עהנליך צו דמשק, אָבער קלענער און נישט אַזוי מאָדערן, ווי די לעצטע. מיר האָבען איבערגעגעבען די גע־צעלטען צום דאָרטיגען קאָמענדאַנט און זיינען אַוועק אין אַ רוה־לאַגער אויף 2 טעג.

די שטאָדט אַלעפּאָ איז דאַן געווען פערנומען פון ענגלישע און אויסטראַלישע סאָלדאַטען. די שטאָדט אַליין איז אַ שעהנע און איבערהויפּט טאַקע אַ זויבערע, און ווערט צוטיילט אויף 3 קוואַרטאַלען: אידישער, פראַנצויזישער, און סיריש־אַראַ־בישער. אַריבער 1200 אַראַבישע אידען געפינען זיך דאָרטען, וואָס זייער מוטערשפּראַך איז אַראַביש, אַ טהייל פון זיי פער־שטעהן אָבער אויך דייטש, פראַנצויזיש, און פיעל־ווייניג

העברעאיש. דער יונגער דור קריגט א העברעאיש־נאציאנאלע ערציהונג. חברה יונגוואַרג האָבען דערזעהן 2 ענגלישע סאָל־דאַטען מיט רויטע מגן־דוד'ס אויף די אַרבעל, איז זייער שמחה געווען אין־לשער; אַ קליינינגקייט, אַזאַ זכיה צו האָבען ביי זיך אַ ס ק אַ ר ־ א ל ־ י ה ו ד (אידישע סאָלדאַטען). וואָס אָנ־בעלאַנגט אונזערע דאָרטיגע שוועסטער, זיינען זיי איינע אין איינע וואונדערבאַרע שענהייטען, און מען מוז זיין דער גרעסטער גבור זיך נישט איינצוליבען אין זיי. הכלל, מיר האָבען זיך גוט אויסגערוהט און פערבראַכט דאָרט מיט אונזערע א ח י נ ו ב נ י י ש ר א ל. אויפ'ן 3־טען טאָג ערשט האָבען מיר געקריגען צדה־לדרך מיט אַ באַהן־קאַרטע, און היידאַ — צוריק אין באַטאַליאָן אַריין. די רייזע צוריק האָט שוין געדויערט נישט מעהר ווי עטליכע טעג, און כ'בין אָנ־געקומען צוריק אין באַטאַליאָנס־לאַגער פונקט דעם 11־טען נאָוועמבער, עס הייסט 6 מאָנאַטען נאָכ'ן וואַפענשטילשטאַנד.

## XXIV.

# אונזערע שונאים.

ענדליך! ענדליך איז דעם 29־טען יוני 1919, פאָרמעל ערקלעהרט געוואָרען דער פרידען אויף דער וועלט. דער גאַנצער לאַגער אונזערע איז געגאַנגען כאָדאָראָם. ווער עס האָט נאָר געהאַט אַ ביקס מיט קוילען איז אַרויס אין פעלד און געשאָסען אין דער לופט אַריין, די גאַנצע געגענד אַרום איז געווען בעלויכטען פון הונדערטער קאָלירטע פייערווערק, וועלכע זיינען לכבוד דעם געוואָרפען געוואָרען אין די אַרומיגע מיליטערישע לאַגערען. ביי אונז האָט מען דאַן צוליינט אַ פייער, וועלכען מען האָט געקאָנט זעהן פאַר צעהנדליגער מיילען אַרום. וואו עס איז נאָר געווען אַ שטיקעל האָלץ, איז עס געוואָרפען געוואָרען אין פייער, אַזוי אַז אויף מאָרגען

פֿריה איז נישט געווען מיט וואָס טהיי אויפֿצוקאָכען, און בכלל האָבען זיך חברה דאַן משוגע געמאַכט אויף אַלערליי אופנים. יעדע שמחה אָבער האָט אויך איהר טראַגעדיע, און דעם אָווענד האָט זיך איינער פֿון די לעגיאָנערען אַליין דער־שאָסען, קריגענדיג אַ בריוועל פֿון אַמעריקאַ מיט דער טרוי־עריגער בשורה פֿון זיין כלה'ס טויט. אַנדערטהאַלבען יאָהר איז שוין געוואָרען זינט מיר זיינען אַריינגעטרעטען אין דיענסט בעד עמנו ובעד ארצנו, און עס איז שוין געווען צייט צו בייטען די בעשעפֿטיגונג.

ענדליך האָט מען אָנגעהויבען צו צולאָזען ביסלעכווייז די אידישע באַטאַליאָנען. ליידער! ליידער, איז אונזער חלום אינגאַנצען נישט פֿערווירקליכט געוואָרען, אַ דאַנק דער מילי־טערישער אַדמיניסטראַציע, וועלכע האָט אַריינגענומען די ממשלה אין איהרע אייגענע הענד. און אויף יעדען שריט געוואָלט אונז מאַכען כעפרא דארעא. אַזוי אַרום האָט עס געווירקט שרעקליך אויף די געוועזענע אידעאַליסטען, וועלכע זיינען טאַקע געגאַנגען לשם אידעאַל, אָבער זיינען שרעקליך ענטטוישט געוואָרען... ליידער האָט אַפֿילו די בריטיש־אידישע קאָמיסיע נישט פֿערשטאַנען איהר גרויסע אויפֿגאַבע אין יענעם מאָמענט, און האָט זיך נישט אַוועקגעשטעלט אויף דער הויך פֿון יענעם היסטאָרישען מאָמענט, ווען גאַנצע 5000 אידישע יונגעלייט, בלוט און מילך, האָבען פֿון היינטיגע סאָלדאַטען געקאָנט ווערען מאָרגענדיגע קאָלאָניסטען, חלוצים און ער־אָבערער מיט'ן אַקער־אייזען...

XXV.

## טרויעריג, אבער נישט פערצווייפעלט...

פֿרייטאָג, דעם 22־טען אויגוסט 1919 האָב איך ענדליך פֿערלאָזען דעם באַטאַליאָן, שוין מעהר נישט צוריקצוקעהרען.

אין זעהר טרויעריגע אומשטענדען האָבען מיר דאַן דאָס לאַנד פערלאָזען... זאָגאַר אין לאַנד האָבען מיר נישט געטאָרט בלייבען, עס הייסט מיר האָבען יאָ געמאָגט, בתנאי צו בלייבען נאָך 1 יאָהר אין דינסט, אַז די פערפלוכטע אַדמיר ניסטראַציע זאָל האָבען איבער וועמען צו זאָגען אַ דעה. מוחל דעם כבוד.

ווידער אַמאָל שווים איך אויפ׳ן ים־התכלת, וועלכער שווענקט דעם ברעג פון אונזער צוגעזאָגט לאַנד, איך שווים אָבער יעצט אַוועק פון זיינע ברעגען, צוריק אין פינסטערען אונענדליכען גלות. אָבער, וויין נישט מיין הארץ, עס וועט פאַראיבערגעהן דער פינסטערען וואָלקען, און די זון, אונזער זון, וועט דאָך אויפשיינען דאָרט...

דאָס זיינען די עראינערונגען פון אַ אידישען זוהן, וועלכער איז געווען ביים געבורט פון אידישען לעגיאָן אין אַמעריקאַ מיט אַלע זיינע ליידען און פריידען, און וועלכער האָט נאַכהער אויך געזעהן דעם אָנהויב פון דעם אונטערגאַנג פון דער דאָזיגער היסטאָרישער געשעהעניש.

